# נאטיס!

1) א מעמבער קען ניט קריגען מעהר ווייא 1 בוך.

2) דער בוך מוז געהאלטען ווערען אין בעסטען ארדער.

3) דער וואס בארגט א בוך אין דער לייברערי קען זיך עס ניט פערלייהען צו א צווייטע פערזאן.

4) אם ענדע פון 2 וואכען צייט מוז דעד בוך צוריק געבראכט ווערען ער קען איהם אויך קריגען פיר נאך 2 וואכען ווען ער פאדערט איהם ביין לייברעריען.

5) ווען א מעמבער האלט א בוך מעהר ווייא 2 וואכען מוז ער בעצאהלען 2 סענט פאר יעדען טאג.

6) ווען דער בוך ווערט ביי איינעם פערלארען, צוריסען אדער פערשמוצט וועט ביי איהם אויפגעמאהנט ווערען דער פולער פרייז וויפיעל דער בוך קאסט.

ביי ארדער די באַרד אָף דירעקטארס פון דער פראגרעסיוו לייברערי סיראקיוז.

Printed by Masover & Sorkin
710 Grape st., Syracuse N. Y.



פערלאג־געזעלשאפט „בילדונג“.

# דער זיידע „צייט“.

אָדער

די ענטוויקלונג פון דער וועלט, דער ערד און צלן וואס עס לעבט אויף איהר.

פערפאסט פון

## נ. רובאקין.

איבערזעצט דורך

ה. וויכנין.

צווייטע אויסגאבע

ווארשא. תרס"ד.
דרוק' ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 34

# ДЕРЪ ЗЕЙДЕ ЦЕЙТЪ

т. е. Дѣдушка время

(Новогодняя сказка)

Соч. Н. А. РУБАКИНА

Переводъ съ русскаго Г. Вихнина.

Изд. Книгоизд. Товарищества „БИЛДУНГЪ“

2-ое Изданіе.

ВАРШАВА 1904.
Типографія Ш. Б. Ландє, Налевки 34.

# דֶער זַיידֶע „צַייט“.

## I.

דער זיידע „צייט“ איז שוין זעהר, זעהר אַלט. ער איז אֶלטער פֿאַר די טייכֿען אונ אָזיערעס, פֿאַר די בערג אונ יַמִים, פֿאַר'ן הימעל אונ דער ערד. עס האָבען נאָך ניט געבלישטשעט די שטערן, די גאָלדענע זונן האָט נאָך ניט געברענט, פֿון אונזער ערדקוגעל איז נאָך אפילו קיין זֵכֶר ניט געוועזען, אונ דער זיידע „צייט“ איז שוין לאַנג געוועזען אויף דער וועלט, אַ סך, אַ סך יאָהרען! קיינער פֿון די שטערבליכֿע מענשען ווייסט ניט, אויב דער זיידע „צייט“ איז גאָר ווען עס איז געוועזען יונג, אונ וועגען זיך אַליין האָט דער אַלטינקער ניט ליעב צו רעדען.

נייגיעריגע מענשען פערוואַרפֿען איהן מיט פֿערשיעדענע פֿראַגען: — זיידינקע, ווער ביסט דו אַזוינס? ענטפּלעק זיך פֿאַר אונז! דער זיידע אָבער אָנטפֿערט ניט אַ וואָרט. די מענשען ווענדען אָן אַללע זייערע מיטטלען, אונ זיי ווילען מיט געוואלד דערגעהן ביים זיידען, ווער ער איז אַזוינס; אָבער דער אַלטער קוקט זיך גאָר ניט אום אפילו אין זייער זייט, אויף זייערע אַללע אָנווענדונגען אונ כּחות: ער ווייס אויסגעצייכֿענט, דאָס די מענשליכֿע קראָפֿטען האָבען קיין ווערטה ניט קעגען איהם אונ זיין כּח. די פֿער'ברוגֶז'טע מענשען פֿאַנגען דאַן אָן צו פֿילאָזאָפֿירען אונ ערקלאָרען איהם מיט זייער אייגענעם שֵׂכֶל. איינינגע נעהמען איהם אָן פֿאַר אַ וועלכֿער עס איז חַיָה; אַנדערע זאָגען אויף זיכֿער, דאָס אין דער אֱמֶת'ן איז גאָר קיין זיידע „צייט“

אויף דער וועלט ניט דאָ, נור די מענשען אַלליין האָבען איהן, איבער זייער אונוויסענהייט, פֿון קאָפּ אויסגעקלאָרט. דריט־טע... פֿירטע... צעהנטע... — נור וואָס איז דאָ וועגען זיי צו רעדען: יעדער דענקט אויף זיין שטייגער.

דער זיידע האָרט זיך איין די אַללע מענשליכֿע פֿילאָ־זאָפֿישע בעטראַכֿטונגען, קוקט אויף זייערע גראָבע ביכֿער, און שווייגט. ער ווייסט שוין פֿאָרויס, וואָס פֿאַר אַ קיום עס וועללען האבען דיעזע מיינונגען.

און ווירקליך, אין אַ יאָהר הונדערט אַרום אָדער נאָך וועניגער, לאָזט זיך אויס פֿון די אַללע געלעהרטע בעטראַכֿטונגען אַ בוידעם: קיינער טראַכֿט שוין ניט אַזוי, קיינער גלויבט נישט מעהר אין זיי, און אַללע פֿערשטעהען דאַן, אַז די מענשען ווייסען נאָך גאָר נישט וועגען דעם זיידע „צייט".

איבריגענס, ניין. עפּעס ווייסען די מענשען יאָ פֿון איהם. אויסער די צו־ווייטפֿערקאָכֿענע פֿילאָזאָפֿען, ווייסען פֿיעלע, דאָס דער זיידע „צייט" איז דאָך ניט קיין אויסטראַכֿטע מַעֲשֶׂה'לע נור ער איז טאַקע דאָ, ער עקסעסטירט, און ניט נור ער עק־סעסטירט; ער אַרבייט אויך, און ער אַרבייט אַזוי, אַז קיינער אין דער וועלט קאָן זיך מיט איהם ניט פֿערגלייכֿען.

דער זיידע „צייט" איז דער ערשטער אַרבייטער אין דער גאַנצער וועלט. ער רוהט זיך קיין מאָל ניט אָב, קיין איין זאָמ־דעלע, קיין איין שטויבעלע, קיין איין אַטאָם, קיין איין שטערן לאָזט ער ניט איינרוהען; אַלץ בעוועגט ער און דרעהט און קעהרט אויף ,פֿערשיעדענערליי אַרטען. דער זיידע איז אַנ'אֱמת'ר „בַּעַל־הַבַּיִת" אין זיין וואהנונג, וועלכֿע איז די גאַנצע וועלט; אין אַללע איהרע ווינקעלעך איז ער פֿולל: צווישען די שטערן און צווישען די אַטאָמען און צווישען די צעללען (קאָמערלעך), אין דער נְשָׁמָה פֿון מענשען, אינ'ם „בעוואוסט זיין" פֿון דער מענשהייט...

חאָטש דער זיידע „צייט" האָט זעהר אַ גרויסע דירה, אַזאַ דירה, אַז קיינער ווייס ניט, אויב זי האָט וואו אַ ברעג, פֿון

דעסטוועגען איז ער מיט איהר ניט צופֿריעדען. שטאַנדיג „זעהט" מען איהן גראָבען זיך אונ גראַבלען זיך אין זיין וואוינונג, אייביג פּראָוועט ער, מייסטערט עפּעס; דאָס צערשטערט ער, יענס שטעללט ער צונויף, מיט איינעם וואָרט, ער אַרבייט.

## II.

אַללע זעהען די אַרבייט פֿונ'ם זיידע „צייט", נור ניט אַללע פֿערשטעהען זי. אום צו פֿערשטעהן זיין אַרבייט, מוז מען אַ סך וויסען, אונ נאָך מעהר דענקען. אַזוי ווי דענקענדע מענשען זענען אָבער אויף דער וועלט ניט קיין סך דאָ, זענען דעריבער וועניג דאָ אַזאַלכע, וואָס זעהען גוט אונ פֿערשטעהען זיין אַרבייט.

אַז מען זאָל זיך אָבער גוט צו קוקען אונ פֿיעל דענקען, וועט מען אויף יעדען טריט דערזעהען דאָס, וואָס „צייט" טהוט אויף. יעדער שטיין, יעדעס זאַמדעלע דערצאָהלען עס. נור אָפֿט דערצאָהלען זיי אַזוי שטילל, דאָס נור אַ צוגעוואוינטעס אויהער קאָן עס דער הערען אונ נור אַ צוגעוואוינטעס אויג — דערזעהען. אַנ'אַנדערס מאָל, אום צו בעמערקען די אַרבייט פֿונ'ם זיידען, דאַרף מען זיך אָנלאָדען מיט אַ טעלעסקאָפּ אָדער מיט אַ מיקראָסקאָפּ, אָדער מיט אַנ'אַנדערן קינסטליכען געצייג. צייטענווייז, דאַרף מען זיך אַרונטערלאָזען אויפֿ'ן גרונד פֿון יַם, אַרויפֿקלעטטערן אויף אַ באַרג, פֿליהען אויף אַ לופֿט־באַללאָן, אַנ'אַנדערכמאָל דאַרף מען קריעכען אין פֿינסטערע האָהלען אונ גראָבען זיך אין פֿערשיעדענע גריבער, — מיט איינעם וואָרט, מען מוז גוט אַרבייטען.

נור עס טרעפֿט, אַז דאָס איז אויך וועניג. דער זיידע „צייט" אײַלט זיך ניט בְּשַׁעַת דער אַרבייט, ביי איהם קאָן דויערן אַ „שטיקעל" אַרבייט ניט איין יאָהר אונ ניט צוויי, נור הונדערט אָדער טויזענד יאָהר. דאַמאַלס בלייבט פֿאַר די מענשען מעהר

נישט, ווי: ווארטען אונ קוקען, וואס דער זיידע „צייט" טהוט אונ וואס ער וועט טהון. אונ זיי זיטצען אונ קוקקען, פערצייכנען אונ מאָלען אָב יעדען „קעהר" זיינעס, דענקען איבער אונ שטעללען זיך פאר טויזענדער פלאַנען, ווי אַזוי צו דערגעהן איהם אונ פערשטעהן. עס זיטצט אַ מענש זיין גאַנצען לעבען אונ קוקט זיך צו צום זיידען „צייט", ער שטודירט איהן אַזוי לאַנג, ביז ער שטאַרבט אַוועק, אונ דער זיידע פאַנגט ערשט אָן צו אַרבייטען. אויפ'ן געשטאָרבענעם'ס אָרט האָט זיך געזעטצט אַ צווייטער שטודירען דעם זיידען, דער צווייטער איז געשטאָרבען, אונ זיין שטעללע האָט פערטראָטען אַ דריטער „קוקער", אונ דער זיידע פאַנגט ערשט אַלץ אָן צו אַרבייטען. נור מענשען זיינען דאָ אַ פוללע, איינער פערטרעט דעם אַנדערן; זיי קוקען אונ פאָר־שען אָהן אויפהאָר, זיי פערצייכנען אונ מאָלען אָב יעדעס „האָאָר", וואס זיי בעמערקען. אָט אַזוי, צו ביסלעך, תאפען אונטער די מענשען די אַרבייט פונ'ם זיידען „צייט".

נור דער זיידע קאָן אַמאָל מאַכען דאָס שטיקעל אַרבייט ניט אין הונדערט אָדער טויזענד יאָהר, נור אין אַ מילליאָן יאָהר אונ מעהרער אויך. ווי בעמערקט מען דאַן די אַרבייט פונ'ם זיידען? נישט קָשה, די מענשען גיעבען זיך דאָ אויך אַנ'עֵצָה. אויף וואָס דען איז ביי זיי דאָ שֵׂכֶל, אַז ניט איבער צו קלאָ־רען אונ בעטראַכטען יעדע זאַך? די מענשען וויסען, דאָס דער זיידע אַרבייט ניט צופאָלליגער־ווייזע, נור שטאָנדיג אונ מיט אַ געזעטץ, — ער וויים זעהר גוט, וואָס אונ ווען צו טהון. די מענשען וויסען פון דער פּראַקטיק, דאָס דער זיידע האָט ניט ליעב צו בייטען זיינע מִנְהָגִים אונ זיין אַרט אַרבייטען: ווי ער אַרבייט יעצט, אַזוי האָט ער געאַרבייט מיט אַ מילליאָן יאָהר צוריק אונ אַזוי וועט ער אויך ווייטער אַרבייטען. דעריבער איז שוין ניט אַזוי שווער צו בעמערקען די אַרבייט זיינע. די מענשען זענען שוין אין דעם, ווי מען זאָגט, געניט. אָט אַזוי קומט אויס צום סוף, אַז תאָטש אַנדערע אַרבייט טהוט דער זיידע „צייט" אין בילליאָנען יאָהרען, אָבער דער קלוגער מענש האָט זיך שוין

צוגעקוקט צו דיעזער לאַנגזאַמער אַרבייט. די מענשען שאַרפֿען אַלץ מעהרער און מעהרער זייערע מוחות; זיי טראַכטען אויס אַלץ נייע און נייע געצייג; זיי לערנען זיך אויס אַלץ בעסער און בעסער צו דענקען... דער זיידינקע העלפֿט זיי נאָך אין דיעזען הינזיכט אַלליין אונטער.

מיט יעדען טאָג ווערט די מענשען אַלץ פֿערשטאֶנדליכער און קלאֶרער, וואָס דער זיידע „צייט" האָט אַמאָל געטהון, מיט וואָס ער האָט זיך בעשאֶפֿטיגט; אַלץ בעסער און בעסער זעהען די מענשען, מיט וואָס דער זיידע איז יעצט בעשאֶפֿטיגט, איבער וואָס ער אַרבייט, וואָס ער מייסטערט, וואָס ער פֿערטיגט אויס אויף שפּעטער...

די אַרבייט פֿון'ם זיידען ווערט, אויף אַזאַ־נ־אופן, אַלץ מעהרער און מעהרער פֿערשטאֶנדליך. אָבער ווער איז דער זיידע אַלליין, בלייבט נאָך פֿאַר די מענשען אַלץ ניט בעוואוסט.

III.

ניט אַללע מאָל אָבער איז דער זיידע „צייט" אַזאַ שוויי־גענדיגער. עס טרעפֿט, דאָס ער האָרט אויף צו שווייגען און, אָנ־בעהמענדיג דאָס געשטאַלט פֿון אַ „בָשָׂר וָדָם", בעוויזט ער זיך פֿאַר די מענשען.

און גוט און וואויהל איז יענעם מענשען, וועמען עס האָט זיך בעוויזען דער זיידע „צייט!", פֿאַר איהן וועט ער טהון אַלץ, וואָס יענער וועט נור פֿערלאַנגען. ער וועט איהן אַריבער טראָגען אויף די ווייטסטע שטערן, ער וועט איהן אַוועק־שטעללען צווישען די אַטאָמען, אין איין אויגענבליק וועט ער אָבטהון אַזאֶלכע אַרבייט, וועלכע ווערען, געוואֶהנליך, אויפֿגע־טהון אין מילליאָנען יאָהרען; ער וועט איהם ווייזען מיט אַ מאָל די גאַנצע וועלט, ניט נור יענס קליין ווינקעלע, וועלכעס מיר זעהען פֿאַר די אויגען. ער וועט מאַכען, דאָס עס זאָלל צוריק פּאַססירען

דאָס, וואָס עס האָט שוין ווער ווייס ווי לאַנג פּאַססירט; ער וועט מאַכען לעבענדיג די לאַנג געשטאָרבענע!...

אַלץ וועט ער יענעם טהון: ער וועט נור ניט זאָגען, ווער ער איז אַזוינס. עס איז גאָר אומזאָנסט, וואָס מען וועט איהן פֿראָגען, — ער וועט זיך אָנבאָזערן און וועט אַוועקגעהן.

נאָך איין זאַך ליידט ניט דער זיידע און בּעס'ט, ווען מענשען בּעטטען בּיי איהם געלד אָדער רייכקייט. דער זיידינקע ליעבּט ניט אַזאָלכע מענשען, וועלכע זאָרגען נור פֿאַר זייער אייגענעם גוף און שטרעבּען נור אָב צו לעבּען דאָס גאַנצע לעבּען פֿאַר זיך. דער זיידע „צייט" ווייס, דאָס אַזוינע מענשען וועללען זיך ניט לאַנג האַלטען אויף דער ערד, דאָס זיי וועלען ניט האָבּען קיין „חלק לעולם הבא"...

דעם אמת זאָגענדיג, וועט ער זיך גאָר צו אַזוינע מענשען ניט בּעווייזען...

אָבּער דערפֿאַר ליעבּט דער זיידינקע אַנדערע מענשען, וועמען עס געהערט יאַ די צוקונפֿט. דער זיידע ווייס גאַנץ גוט, דאָס עס זיינען דאָ אויף דער ערד אַזוינע מענשען, וועלכע שטרעבּען זייער גאַנצען לעבּען צו פֿערשטעהן אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום זיי; זיי ווילען פֿערשטעהן דאָס לעבּען פֿון דער נאַטור, דאָס לעבּען פֿון די מענשען, — אַזוינע מענשען, וועמען עס איז טהייער ניט נור זייער אייגענעם גליק, נור דאָס גליק פֿון דער גאַנצער מענשליכער געזעללשאַפֿט; עס זיינען דאָ אויף דער ערד אַזאָלכע מענשען, וועלכע קאָנען ניט צו זעהען די מעשליכע יסורים און סטאַרען זיך צו פֿערגרינגערן זיי; עס זיינען דאָ פֿיעל מענשען, וועלכע זיינען פֿערטיג צו אָפּפֿערן מיט זייער לעבּען פֿאַר דאָס גליק פֿון דער מענשהייט... דער זיידע ווייסט אויסגעצייכענט, אַז ניט נור עס זיינען דאָ אַזוינע מענשען, נור מיט יעדען יאָהר ווערען זיי אַלץ מעהרער און מעהרער. עס מאַכט ניט אויס, וואָס זיי זיינען נאָך ווייניג דאָ; ס'איז אָהן געפֿאַהר, וואָס זיי פֿערליערען זיך אין דער מאַססע פֿון די עגאָאיסטען, ד. ה. פֿון די מענשען, וואָס ליעבּען בּלויז זיך... דער

זיידע וויים, דאָס נור אַזוינע מענשען וועט געהאָרען די צו־קונפֿט.

און „ריעזע" מענשען ווייסען אויך גאַנץ גוט, דאָס דער זיידע „צייט" איז אויף זייער צַד, און זיי גלויבען פֿעסט אין די כּהות פֿונ'ם אַלטען. זיי צווינגען זייערע געדאַנקען, דאָס ער זאָלל שטאָנדיג אַרבייטען; זיי טראַכטען איבער, וואָס עס טהוט זיך אַרום זיי: איבער'ן גאַנג פֿון די שטערן און פֿון דער זונן, איבער'ן לעבען פֿון די געוואָקסע און טהיערען, איבער דעם, ווי עס לע־בען אַרום זיי די אָרמע, אונגליקליכע, פֿערטריעבענע מענשען, און ווי זיי האָבען בעראַרפֿט לעבען.

זיי טראַכטען אויך, ווי בעסער איין צואָרדנען דאָס לעבען אויף דער ערד, וואָס צו טהון, ווי צו אַרבייטען און מיט ווע‍מען צו קאָמפּפֿען. און וואָס פֿאַר פֿראַגען זיי האָבען נור, וואָסערע צווייפֿלען (ספֿקות) עס קוואָללען זיי, ווענדען זיי זיך צום זיידען „צייט"...

און דער זיידע ענטזאַגט זיך קיינמאָל ניט פֿון צו פֿער־אַנטוואָרטען זייערע פֿראַגען: אַדרבּה, ער „ווילל" גאָר, אַז מען זאָלל וואָס מעהרער און מעהרער פֿראָגען און דערגעהן...

---

## IV.

אינ'ם טאָג פֿאַר ניי־יאָהר — אָט דאַן בעווייזט זיך, איבער־הויפּט פֿאַר אַזאָלכע מענשען, דער זיידע „צייט"; נור אין דיעזען טאָג בעקומט ער אַ מענשליכעס געשטאַלט און וואַנדערט אַרום איבער דער ערד.

ער קלייבט אוים דוקא דיעזען טאָג, ווייל דאַן דער־מאָנען זיך, ניט וויללענדיג, אַללע מענשען אָן איהם און ווענדען זיך צו איהם... ער בעווייזט זיך פּונקט אויפ'ן גראָ־נעץ פֿון צוויי יאָהר, אין דעם מאָמענט, ־ווען עס ענדיגט זיך דאָס אַלטע יאָהר און עס פֿאַנגט אָן דאָס נייע· דער זיידע ענט־פּלעקט זיך פֿאַר'ן מענשען נישט מעהר, ווי אויף איין רגע, אָבער

אין דיעזער רֶגַע אַרבּייט דער אַלטער אַזוי מאָכטיג, דאָס ער אוס־
פּעיעט אויף צו טהון זעהר פיעל גרויסע זאַכען אונ פּעראַנטוואָר־
טען אַללע פראַגען, וועלכע מען האָט איהם פאָר געלעגט.

אונ פיעלעס, פיעלעס לעבען איבער אין דיעזער רגע די
מענשען, צו ווענען עס איז געקומען דער זיידע.

אָבער ווי נור עס איז אָנגעקומען דאָס „ניי־יאָהר״, דער
גליקליכער מאָמענט איז פאָריבער — ווערט דער זיידע ווידער
דער זעלביגער שוויינענדיגער, אונפריינדליכער, אַזוי ווי פריהער...

---

## V.

אין אַ געוויססער שטאָדט האָבען אמאָל געוואָהנט אַ ברודער
אונ אַ שוועסטער; זיי זיינען געוועזען זעהר רייך. זיי האָבען גע־
וואויהנט אין פראַכטפאָללע פאַלאַטצען, האָבען זיך אָנגעטהון אין
די טהייערסטע קליידער, דאָבען געגעססען דאָס שאָנסטע אונ
דאָס בעסטע. אַללע בעקאַננטע זייערע האָבען זיי זעהר גע־
ליעבט אונ געאַכטעט; פערגניגען האָבען זיי געהאַט איבער
גענוג, — מיט איינעם וואָרט, זיי האָבען געוואוסט פון אַ לעבען.

דער ברודער, וועלכער האָט געהייסען אָסקאַר, האָט ער־
קלאָרט, אַז דאָס בעסטע אויף דער וועלט איז — אַ לעבען פון
אייגענעם פערגניגען. עססען, טרינקען, שלאָפען, פראָהליך זיין,
לוסטיג פערברייננגען איין טאָג נאָכ׳ן אַנדערן, איין יאָהר נאָך
דעם אַנדערן יאָהר, — אַזוי איז געוועזען דאָס אידעאַל פון דיעזעם
מענשען, אונ אַזוי ווי ער האָט געהאַט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט
געוואָלט האָט זיך אָסקאַר געשאָטצט זעהר גליקקליך. ער האָט
זיך געלעבט גאַנץ רוהיג; זיין מוח האָט ניט געאַרבייטעט, אונ
ווען ער האָט יאַ ווען געאַרבייטעט, איז פון אַזאַ אַרבייט קיינעם
געוועזען ניט וואַרעם, ניט קאַלט... „אַרבייטען, — איז
אויסגעקוממען נאָך אָסקאַר׳ס פילאָזאָפיע, — דאַרפען די קליינע,
אָרמע מענשען, די היינטיגע „אַרבייטער״, אונ אויף דיעזע אָרמע,
קליינע, האָט דער גרויסער מאַנן, אָסקאַר, ניט נור ניט אַ קוק

געגעבען, נור ער האָט טאַקע געפֿונגען פֿאַר גאַנץ נאַטירליך, וואָס זיי לעבען שלעכט. „עס קאָן דאָך ניט מאָגליך זיין, — האָט ער גע'דרשענט, דאָס אַללע זאָללען זיין קְצינים, עס זאָלל גאָר קיין אָרמע לייט ניט זיין". אָבער „פֿאַר וואָס" עס קאָן ניט זיין, פֿאַר וואָס ער, וועלכער טהוט ניט אַריין אַ פֿינגער אין קאַלטע וואַססער, קאָן זיין רייך, אונ אַנדערע, וועלכע טהוען נור זייער גאַנצעס לעבען אונ האָרעווען אונ באָדען זיך אין שוויים, קאָנען ניט, — אַזאָלכע פֿראַגען האָט זיך אָסקאַר קיין מאָל ניט פֿאָר-געגעבען. אַ מוח, וואָס איז ניט געוואויהנט געוועזן צו טראַכטען „פֿון דאַנען אַהין", האָט זיך ניט געקאָנט דערדענקען אפילו ביז אַזאָלכע גאַנץ איינפֿאַכע אונ נאַטירליכע פֿראַגען.

אָסקאַר האָט פֿיינד געהאַט צו קלאָרען „איבער'ן קאָפּף": ער האָט בעססער זיך אָבגעגעבען צו „תַּעֲנוּגֵי עולם הזה": ער האָט געגעססען, געטרונקען, געשלאָפֿען, געלעבט אַ גוטען טאָג, איז אַלליין געגאַנגען אין גאָסט, האָט עמפּפֿאַנגען ביי זיך גאָסט. אונ אַללע זיינע בעקאַננטע זיינען אויך געוועזן אַזאָלכע „יונגען", ווי ער אַלליין. מיט איינעם וואָרט, וואו ער האָט זיך געקעהרט, איז איהם געוועזן גוט אונ פֿראָהליך; וואָס עס האָט זיך איהם נור פֿערגלוסט, האָבען איהם אַלץ אַנדערע מענשען (אַרבייטער) בעשאַפֿען: אַלליין האָט ער נור געהאַט די „קאָפּף-דרעהעניש" פֿערנאַנדער צו צאָהלען זיך.

אַ הֵיפך פֿון איהם איז אָבער געוועזן זיין שוועסטער מ ע ר י.

—„צי דען בעשטעהט דאָס גאַנצע לעבען פֿון אַ מענשען נור אין עססען, טרינקען, שלאָפֿען אונ פֿראָהליך זיין? — האָט זי גע'טענה'ט. — צי דען איז אויף דער וועלט ניט דאָ קיין אַנגענעהמערע אונ האָכערע זאַך, עהדער אַזאַ זעלבסט צופֿריעדענעס לעבען?".

אונ, חאָטש זי איז געוועזן אַרומגערינגעלט פֿון כל טוב, האָט זי זיך ניט געשעצט גליקקליך. — אָה, דו נאַררעלע, נאַררעלע, וואָס פֿעהלט דיר? — האָט איהר געענטפֿערט דער ברודער, ווען זי האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט איהרע פֿראַגען. — לעב, אַז דו לעבסט, — ווייז מיר, ווער לעבט נאָך

אַזוי גוט, ווי דו?

און די שוועסטער האָט ניט געקאָנט האָרען ·אַזאָלכע מאוס'ע רייד... זי האָט ניט געקאָנט אַריבער טראָגען, וואָס נור אַ קליין הייפּעלע מענשען לעבען גליקליך...

„פֿאַר וואָס זאָללען אַללע, אַללע מענשען ניט לעבען אַזוי, ווי מיר? פֿאַר וואָס זיינען דאָ, צו זאַממען מיט די גאָלדזאָקק, אַזאָלכע אֶבְיוֹנִים, וועלכע שטאַרבען אַוועק פֿאַר אַ בראָקקעלע ב־ויט? צו דען האָט גאָטט ליעב נור אונז, וואָס ער זאָטטיגט מעהר נישט אונז אָן מיט אַללעם גוטען, און יענע אָרמע קאָן ער גאָר ניט אָנזעהען און גיבט זיי דעריבער ניט אפילו אויף צו דער־האַלטען זייער לעבען? קאָן דאָס מאָגליך זיין? אָה, ניין! צו גאָטט האָט דאָס ניט! אין דעם זיינען שולדיג די מענשען אַלליין; זיי האָבען ניט געקאָנט מאַכען, אַז דאָס גליקק זאָלל זיין אויף דער ערד פֿאַר אַללעמען גלייך; זיי האָבען זיך ניט געקאָנט אַזוי איינאָרדנען, דאָס אַללעמען זאָלל זיין גוט".

און איין פֿראַגע נאָך דער אַנדערער האָבען אָנגעהייבען אַריין געהן אינ'ם מעדכענס קאָפּף, און וואָס מעהרער עס האָט גע־טראַכט, אַלץ שטאַרקער איז אין איהר געוואָרען דער חשק צו מאַכען, אַז אַללע מענשען זאָללען לעבען גליקליך. „ווי אַזוי לעבען די מענשען אויף דער ערד? — האָט מ ע ר י גענוממען בעטראַכטען. — וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער מעהרהייט (מאַיאָריטאָט) זאָלל אַזוי שלעכט זיין? וואו איז די רְפוּאָה צו דיעזער שוידערליכער מַכָּה?"...

די אַרומיגע האָבען ניט געקאָנט קלוג ווערען, וואָס מיט מ ע ר י'ן טהוט זיך אַזוינס. איהרע פֿריינדינען האָבען פֿון קיין אַנדער אַרבייט ניט געוואוססט, ווי פּוטצען זיך און פֿאַרבען זיך, כדי געפֿאַללען צו ווערען, און בערעדען יענעם פֿון קאָפּף ביז די פֿיסס. מ ע ר י האָט זיך גאָר ניט געפּרובט ווענדען צו איהרע פֿריינדינען, ווייל זיי האָבען, צוזאַממען מיט איהר ברודער, געלאַכט נור פֿון איהר, דער פֿאַר וואָס זי איז אַזאַ „פֿאַנ־טאַזיאָרקע". זיי פֿלעגען דערביי זאָגען:

— אָט איז אַ שוטה, — איבער וועלכע נאַררישע אידעען

זאָלל מען אַזוי אָבטהון זיך פֿון דער וועלט אונ ניט וויססען פֿון אַ לעבען!...

אונ די פֿראַגע „ווי אַזוי צו מאַכען אַללע מענשען גליקק־ליך?" איז אַזוי געבליעבען פֿאַר מערי ניט קיין פֿעראַנטוואָרטע. זי האָט זיך געמוזט צו פֿריעדענשטעללען נור מיט דעם, וואָס זי האָט דאָרט'ן ווען עס איז אויסגעהאָלפֿען איינעם אָדער צוויי אָרמע לייט מיט אַ נְדָבָה, מיט וואָס זי האָט פֿערלייכטערט די יְסוּרִים פֿון איינעם אָדער צוויי אונגליקקליכע. אָבער עס איז דאָך דאָ אַ וועלט מיט אונגליקליכע!... זי האָט אויסגעצייכענט פֿערשטאַנ־נען, דאָס מיט איהרע נדבות וועט זי ניט אָבווישען די טראָהרען פֿון אַזוי פֿיעל וויינענדע...

דאַמאַלס האָט זי זיך אַ נעהם געטהון פֿאַר ביכער. „די ביכער זיינען ניט קיין מענשען, — האָט זי ביי זיך געטראַכט: — לאַכען וועללען זיי ניט, אונ אויב זיי וועללען וואָס עס איז זאָגען, וועט דאָס זיין ערנסט געמיינט. זיי, די ביכער, האָבען דאָך נישט געשריעבען אַזוינע מענשען, וועלכע איך זעה אַרום זיך"...

אונ זי האָט גענוממען לעזען... זי האָט געלעזען וועגען די שטערן, וועגען די אַטאָמען, וועגען די נאַטור־קראָפֿטען, וועגען די פּפֿלאַנצען אונ טהיערען, וועגען אַלץ, וואָס עס גע־פֿינט זיך אויף דער ערד אונ אונטער דער ערד, אינ'ם וואַססער אונ אונטער'ן וואַססער; זי האָט געלעזען וועגען דער זעעלע (נשמה) פֿון טהיערען, וועגען אַללערליי לאָנדער, וועלכע זיינען בעזעטצט מיט פֿערשיעדענע פֿאָלקער, זי האָט געלעזען וועגען די רעליגיאָנען, מִנְהָגִים אונ זיטטען פֿון די פֿאָלקער אונ פֿון וואַנען זיי האָבען זיך גענוממען, וועגען מִלְחָמוֹת פֿון אַללע צײ־טען אונ איבערוואַנדערונגען פֿון די מענשען, זי האָט געלעזען, ווי אַזוי עס זיינען געוואָרען רעגיערונגען אויף דער וועלט אונ ווי עס איז פֿון זיי גאָר נישט געוואָרען, ווען די מענשען האָבען גע־לעבט צווישען זיך ברידערליך אונ ווען זיי האָבען גענוממען „בייססען" זיך איינער דען צווייטען, ווען דעם מענשען איז בעס־סער געווען אויף דער ערד, ווען ערגער... יעדעס ביכעלע האָט איהר אַלץ מעהרער נייעס ענטדעקקט, האָט פֿאַר איהר אַלץ

קלאָרער געמאַכט די וועלט... זי האָט אַליין מעהרער אָנגעהייבען צו פֿערשטעהן, אַז דאַן נור וועט מען דערגעהן, וואו די אורזאַכען פֿון די מענשליכע צרות זיינען, ווענן מען וועט גוט פֿערשטעהן דאָס לעבען פֿון אַלץ, וואָס עס רינגעלט אונז אַרום: דאָס לעבען פֿון די שטערן אונ פלאַנעטען, פֿון די פפלאַנצען אונ טהיערען אונ פֿון די מענשען פֿון פֿערשיעדענע לאָנדער...

די פֿריינדינען אונ דער ברודער האָבען ניט געקאָנט ניט צערזעטצט ווערען פֿון געלעכטער, אַז אַ רייכעס פֿריילין זאָלל גאָר געפֿינען פֿערגניגען אין די „טוירטע״ ביכלעך. זיי האָבען גאָר ניט געקאָנט בענעהמען, אַז דיעזע טוירטע ביכלעך קאָנען מעהר פֿון אַלץ ערקלאָרען דעם מענשען, ווער ער איז אַזוינס אונ ווער זיינען זיינע אַרומיגע.

---

# VI.

אָט צו דיעזער פֿריילין האָט זיך בעוויעזען אַ טאָג פֿאַר ניי־יאָהר דער זיידע „צייט״. ער האָט אָנגענוממען דאָס גע־שטאַלט פֿון אַ שאָנעם גרייז־גרויען מאַנן, אונ ער איז אַריין צו אָסקאַר׳ען אין הויז, אַלס בעוואוסטער אויסלאָנדישער דורכ־רייזענדער, אָבצוזוהען זיך אין אַ שטיללען, וואַרמען ווינקעלע אונ אָבצורועסען אַ „זאַטטע וועטשערע״. די פֿראַהליכע, לעבענ־דיגע ווירטהען האָבען איהן אויפֿגענוממען אויפ׳ן שאָנסטען אַרט אונ האָבען איהן פֿערבעטטען אין זאַאַל, אום צו בעגעגנען, אין קאָמפּאַניע, דאָס ניי־יאָהר.

אין זאַאַל זיינען געגאַנגען צובערייטונגען צו דער בעגעגעניש. העלל האָבען געברעננט די ליכט אין די לוסטרעס; עס האָבען געבלישטשעט די גאָלדענע ראַהמען פֿון די שאָנע בילדער, הויך האָט געשפּיעלט די מוזיק, עס זיינען אַרום געפֿלויגען אַהין אונ אַהער די לאַקייען; פֿראַהליך האָבען זיך צונויפֿגעזאַממעלט די גאַסט.

אויף אַללעמעס געזיכטער איז געוועזן צו בעמערקען אַ מערק־

ווירדיגע צופרידענהייט. זיי זיינען געוועזן איבערגליקקליך, וואס מען האט, נאטש צו דאנקען, גע׳פטרט נאך א יאהר!״.

אייגענטליך, האבען זיי אליין ניט פערשטאנען, וואס פאר א שמחה עס איז אוף זייערע קאפּ: דאס גאנצע יאהר האבען זיי פערבראכט אין דעם, וואס זיי האבען אוועק געשטופּט איין טאג נאכ׳ן אנדערן; א גאנצען טאג האט מען בעגלייט איין שעה נאך דער אנדערער, מען האט געגעססען און געטרונקען, געטאנצט און געפלאפּעלט, וועגען קיין זאך, אויססער פערגניגען, האט מען ניט אנגעהויבען צו טראכטען, אין דער פריה האט מען געפּעטטען גאטט, אז עס זאלל גיכער אנקוממען די "נאכט״... און ביי נאכט האט מען געוואונשען, אז עס זאלל שוין ווערען טאג. אזוי איז געוועזן, אזוי איז יעטצט און אזוי וועט, אם ירצה השם, זיין ווייטער אויך... — גאטט צו דאנקען, אדיע, אלטעס יאהר! טראג זיך אין דיין רוה, גיעב אנ׳ארט דעם נייען! — רעדען פיעלע נאסט מיט בעגייסטערונג.

און אים זאאל האט געדאנגערט דאס ארקעסטער מוזיק, צום פערטויבט ווערען, די קנעפּט זיינען ארום געפלויגען, פערנאנדער טראגענדיג באקאלען (בעכערס) די העררן.

אללע ווילע האט זיך דער ארער יענער גאסט א חאפ געטהון צו דעם זיינעריל, אום צו וויססען, ווען עס וועט שוין, מיט מזל, פאריבער לויפען דאס פערגאנגענע יאהר...

און די ווייזערלעך זיינען זיך געקראכען לאנגזאם און לאנגזאם.

מיט גאנץ אנדערע געפיהלען האט אבער בעגלייט דאס אלטע יאהר מערי. זי האט ניט פערבראכט יענעם יאהר אין גאר־נישט; אין איהר מוהל פלעגען שטאנדיג אריין געהן אלץ נייע און נייע פראגען... זי האט זיך דערמאנגט, ווי זי האט אינ׳ם פאריגען יאהר, צווישען די זעלביגע מענשען, און אין דעם זעלביגען ציממער טאקע, בעגעגנעט דאס „ניי־יאהר״. נור פיעלעס פון דעם, וואס זי פערשטעהט יעטצט, האט זי מיט דריי הונדערט־פינף און זעכציג טאג צוריק, ניט פערשטאנען; אנדערע זאכען האט זי דאמאלס זעהר דונקעל פערשטאנען, פיעלעס פון

דעם, וואָס עס פּאַססירט אַרום איהר, האָט זי גאָר אַוועק גע־לאָזען פון אונטער דער האַנד; דאָס פאָריגע יאָהר איז פאַר איהר ניט אַוועק גאָר אָהן נוטצען. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס קינדי־טיגע יאָהר וועט איהר אויך עפּיס געבען; זי האָט עפּיס געפיהלט, אַז זי אַרבייטעט אוים פון זיך אַזאַ „זאָרט" מענש, אָהנליך צו די, וועלכע זיינען נאָטהיג אויף אויסצופערטיגען גליקק פאַר אַללע מענשען פון דער ערד.

און די וויזערס פון די אוהרען רוקקען זיך אַלץ ווייטער און ווייטער... אָט האָט די מוזיק גענוממען שפּיעלען אַ „קבלת פּנים" מאַרש לְכָבוד דעם נייען יאָהר. די דיענער האָבען גענוממען אָנ־גיעססען די כּוסות מיט גוטען וויין. אַללע גאָסט האָבען זיך אַרום געשטעללט אַרום די ווירטהען. אָסקאַר, נעהמענדיג ביי'ם דיענער אַ באָקאַל, האָט גערעכענט צו צו טראָגען איהן דעם אַלטען אויס־לאָנדער.

און דער אַלטער האָט די אויגען ניט אַראָבגעלאָזען פונ'ם פריילין מ ע ר י.

מערי, וויעדער, האָט אַ קוקק געטהון אויפ'ן אַלטען און האָט איהרע אויגען ניט געקאָנט אַראָב נעהמען פונ'ם רוהיגען, שאָנעם און קלוגען געזיכט. דיעזעס געזיכט האָט איהר עפּיס, ווי איינגערוימט אַ סוד: „איך האָב אַזוי פיעל געטראַכט און געקלאָרט איבער דעם, וואָס איך זעה אַרום זיך, איך האָב אַזוי פיעל גע־שטודירט דאָס, וואָס רינגעלט מיך אַרום, אַז עס איז ניט דאָ קיין ערשיינונג, וועלכע איך זאָלל ניט פערשטעהן... אַלץ פערשטעה איך, אַלץ ווייסס איך, וואָס עס קוממט פאָר אַרום מיר; איך וויים, ווען און ווי עס וועט קוממען די גאָלדענע צייט אויף דער ערד, ווען פון מענשליכע צרות וועט קיין געדאָנקענס ניט בלייבען"...

מַזָל טוב!! דער ווייזער פון דער אוהר האָט זיך צו גע־רוקקט ביז 12! פון ווייטען האָט זיך געלאָזט הערען דער קלאַנג פון די קירך־קוראַנטען...

און מיט אַ באָקאַל אין דער האַנד האָט אָסקאַר געצאָהלט די קלאָפּפען פון ז'עם זייגער:

— איינס... צוויי... דריי... פיער... פינף... זעקס...
ביי'ם דריטטען קלאפּ האָט זיך דאָס געזיבּט פונ'ם אויס־לאָנדער אומגעאָנדערט. ער איז צוגעגאַנגען צו מערי'ן אונ האָט זי אָנגענוממען פאַר דער האַנד.

עס האָט דערלאַנגט דער זעקסטער קלאַפּ — אונ דער אַל־טער „אויסלאָנדער" אונ דאָס פריילײן זיינען ניט געוואָרען!

---

## VII.

— זיידע, איך האָב דיך דערקאָננט, — האָט מערי אויסגעשריען. — וואוהין פיהרסט דו מיך?

— שווייג, שווייג, דו וועסט שוין זעהען, — האָט דער אַלטער געאָנטפערט.

אונ טאַקע אין דער רֶגַע האָט מערי דערזעהען, דאָס אַללע גאָסט אונ איהר ברודער זיינען אויסגעוואַקסען געוואָרען הויך, ווי עוג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן. דאָס צימער האָט גענוממען אויסווייזען אונגע־הייער גרויס; די טישען אונ די שטוהלען זיינען אָהנליך געוואָרען אויף גיגאַנטישע (ריעזיגע) טהורעמס.

דאָס פריילײן האָט אַ קוקק געטהון אויפ'ן זיידען — אונ עס האָט גלייך פערשטאַנגען, וואָס דאָ איז פאַר אַ געשיכטע: דאָס צימער אונ די גאָסט זיינען געבליעבען די זעלביגע, וואָס פריה־ער, נור זייער אייגענער וואוקס איז אַלץ קלענער אונ קלענער געוואָרען. זיי זיינען געוואָרען קלענער פון אַ שפּילקע־קאָפּעל, קלענער פון אַ זאָמדעלע, קלענער פון אַ שטויבעלע. דער גלאַט־טער, גלאָנצענדער פּאַרקעט איז געוואָרען צו קאָרטשעט אונ צו האָרבעט, אונ צווישען זיינע קוואַדראַטען האָבען זיך אויפגעאָפּענט שפּאַלטען, אָהנליכע צו דונקעלע, ברייט פערנאַנדער געאָפּענטע קלופּטען (האָהלען).

דער זיידע האָט אַריינגעפיהרט מערי'ן אין איינעם פון דיעזע קלופּטען. די וואָנד פונ'ם קלופּט זיינען בעשטאַנגען פון

זאָנדערבאַרע קליינע אונ טיעפֿע קאָסטעלעך. מערי האָט זיך געחאַפּט, אַז דיעזע קאָסטעלעך זיינען אַנדערש, ווי די קאָממערלעך (צעללען), פֿון וועלכֿע עס בעשטעהען אַללע פּפֿלאַנצען.

דער זיידע האָט זי אַריינגעפֿיהרט אין איינע פֿון דיעזע צעללען (קאָממערלעך). אונ ווי זיי זיינען אַזוי געגאַנגען אַלץ ווייטער, איז די צעללע אַלץ מעהרער געוואַקסען אונ געוואַקסען, ביז זי איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויססען זאַאַל.

פֿונ׳ם אַלטען האָט געגוממען שיינען אַ בלוילילע ליכטיגקייט, וועלכֿע האָט ערלויבט צו זעהען אַלץ אַרום. אונ דורך די דורכזיכֿטיגע וואָנד פֿון דער צעללע האָט מערי געזעהען, דאָס רעכֿטס אונ לינקס, אויבען אונ אונטען, זיינען דורכֿגעלעגט אַזאָלכֿע גרויססע זאַאַלען (צעללען), ווי דער אין וועלכֿען זיי זיינען יעטצט געוועזען. אונ איבער זיי האָבען זיך עפּיס אום געדרעהט מְשוּנֶה גרויססע זאַכֿען, וועלכֿע האָבען בעדעקקט גאַנצענע טויזענדער זאַאַלען מיט אַ מאָל.

מערי האָט פֿערשטאַנגען, אַז דאָס דרעהען זיך אום די מענשען.

דער אַלטער, דערווייַלע, האָט זי אום געפֿיהרט פֿון איין צעללע אין די אַנדערע, פֿון דער אַנדערער אין די דריטטע. אונ מערי האָט געזעהען, ווי זייער וואוקס ווערט אַלץ קלענער.

— מערי, — האָט זיך צו איהר אָבגערופֿען דער אַלטער, — דו זאָללסט וויססען, אַז דו טרעטסט יעטצט אַריין אין אַזאַ וועלט, וועלכֿע עס האָט נאָך קיין איין לעבענדיגער מענש ניט געזעהען, דו וועסט באַלד דערזעהען מיט דיינע אויגען אַזוינס, וועלכֿעס אַנדערע מענשען האָבען דערגאַנגען נאָך לאַנגע, לאַנגע אויסרעכֿנונגען אונ שווערע אַרבייט. דו וועסט דערזעהען דאָס מאַטעריאַל, פֿון וועלכֿעם עס איז געבויט די גאַנצע וועלט... דו וועסט אויך דערזעהען, ווי אַזוי זי איז געבויט. דיר מאַכֿט זיך יעטצט אַ צופֿאַלל דורך צושטודירען, אויב דער מענש האָט זיך שוין ערקלאָרט דיעזע אונזיכֿטבאַרע וועלט... דו וועסט דאָ דערגעהן איינעם פֿון די סַבֶ׳ן סודות, ווי אַזוי די וועלט איז געוואָרען...

און דאָס פֿרײליין האָט דערזעהען בײ דעם בלויען שיין, וואָס איז געגאַנגען פֿונ׳ם אַלטען, דאָס די וואַנד פֿון דער צעללע, אין וועלכע זיי זיינען געשטאַנגען, בעשטעהט פֿון אויבען ביז אַראָב, פֿון אַזאָלכע מינֵי קאָרנער... מערי האָט זיך גוט איינגעקוקקט אויף די וואַנד, נור זי האָט נאָך ניט געקאָנט בענעהמען, וואָס דאָ קוממט פֿאַר אַזוינס אַרום איהר. און די קאָרנער זיינען אַלץ אויסגעוואַקסען און אויסגעוואַקסען פֿאַר איהרע אויגען.

— זיידע, — האָט זי געפֿראָגט, — צו דען ווערען מיר נאָך קלאָנער?

— יאַ, — האָט געאָנטפֿערט דער אַלטער, — מיר מוזען ווערען קלענער, אַז ניט, וועללען מיר נישט פֿערשטעהן די סודות פֿון דער וועלט...

און די רייזענדער זיינען, ענדליך, געוואָרען אַזוי קליין, אַז די קאָרנער האָבען פֿאַר זיי געגומען אויסזעהען, ווי גרויססע קלומפּען, שטיקקער; איין שטיקק פֿון דעם אַנדערן האָבען אָבגעטהיילט אַזאָלכע בעזאָנדערע צווישען־שיידען (מחיצות), וועלכע זיינען אַמאָל גראָססער, אַמאָל קלענער געוואָרען, איבער דעם, וואָס די שטיקקער האָבען זיך בעוועגט אַהין און צוריק, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך געטראָססעלט און געציטטערט.

— זיידע, וואָס זענען דאָס פֿאַר קאָרנער? וואָס זענען דאָס פֿאַר שטיקקער? — האָט געפֿראָגט מ ע ר י.

— דיעזע „שטיקקער״, — האָט געאָנטפֿערט דער זיידע, — זיינען די טיילכעלעך (אַטאָמען), פֿון וועלכע עס בעשטעהען אַללע קאָרפּערס, וועלכע זיינען נור דאָ אויף דער וועלט.

און דאָס מעדכען האָט דערזעהען, ווי די פֿריהערדיגע פֿעסטע וואַנד איז מיט אַמאָל אַזוי ווי פֿערנאַנדערגעפֿאַללען אויף מילליאַשען אַזאָלכע אַטאָמען (טיילכעלעך) וועלכע האָבען איהר אויסגעוויעזען זעהר גרויס: זי אַלליין און דער זיידע זיינען געוואָרען מורא׳דיג קליין. און דאַן איז מערי׳ן קלאָר געוואָרען די אורזאַכע, פֿאַר וואָס די מענשען זעהען ניט דיעזע אַטאָמען, נור זיי זעהען אַ דורכאויססיגע וואַנד.

דער אַלטער איז, דערווײלע, אַריין גענאַנגען, צוזאַממען מיט מערי'ן אין די בלויזען (פאָרען), וועלכע זיינען געבליעבען צווישען די אַטאָמען. ער איז זעהר שנעלל אַריבער געגאַנגען פון איין אַטאָם אויפ'ן אַנדערן; צייטענווייז האָט מען געדאַרפט אַרי־בער שפּרינגען, אונ אויף דעם איז דער זיידע געווען אַ „חוואַט".

מערי איז געוועזען אַרום גערינגעלט פון אַללע זייטען פון די אַטאָמען; רעכטס אונ לינקס, פון אויבען אונ פון אונטען, פון פאָרענט אונ פון הינטען — אומעטום זיינען געוועזען אָט דיעזע אַטאָמען.

זי האָט שוין מעהר ניט געזעהען די בעקאַנטע געגענ־שטאַנדע. זי האָט געוואוסט, אַז דיעזע געגענשטאַנדע זיינען זעהר נאָהענט צו איהר אונ אַז צוליעב דעם אַלליין האָט זי זיי אויפגעהערט צו זעהען. זי איז עפּעס ווי אַריבער געטראָגען גע־וואָרען אין אַ פרעמדע, אונבעוואוססטע, בעזאָנדערע וועלט, וואו עס איז ניט געווען קיינע געגענשטאַנדע, נור עס זיינען געווען איינע אַטאָמען.

דער זיידע האָט זי אַלץ אַרום געפיהרט פון איין טיילכעלע אויף דעם אַנדערן, אונ אין דער צייט, וואָס מערי האָט זיך בע־קאָננט מיט איהר נייער „וואָהנונג", האָבען זיך פאַר איהר בע־וויעזען נייע אונ נייע ערשיינונגען. די אַטאָמען, וועלכע האָבען זי אַרום גערינגעלט פון אַללע קאַנטען, האָבען געציטטערט אונ בעוועגט זיך אַלץ שטאַרקער אונ שטאַרקער. יעדער אַטאָם האָט זיך דאָ אויפגעהויבען אין דער הויך, דאָ איז ער אַראָב געפאַללען אַרונטער, דאָ איז ער אָבגעשפרונגען אין איין זייט אונ דאָ האָט ער זיך אַוועק געטראָגען אין אַנ'אַנדער זייט, — מיט איינעם וואָרט, ער האָט זיך בעוועגט, ער האָט געשפרונגען אונ געציט־טערט, אויף וויפיעל עס האָט איהם ערלויבט דאָס אַרומיגע פלאַטץ. די בלויזען (פאָרען) צווישען זיי האָבען זיך שטאַנדיג געביטטען: דאָ זיינען זיי שמאָלער געוואָרען, דאָ — ברייטער.

קיין איין איינציגער אַטאָם האָט ניט גערוהט: אַרום מערי'ן איז געגאַנגען אַ קאָכענדיגע בעוועגונג, עס האָט אַלץ געלעבט. — זיידינקע, — האָט זי זיך געווענדעט צום אַלטען. —

וואָס קוממט דאָס פֿאָר אַרום אונז? וואָס פֿאַר אַנ׳ערשיינונג זעה איך דאָס פֿאַר מיינע אויגען? די אַטאָמען פֿון אַנ׳אונבעוועגליכען, טוידטען קאָרפּער בעוועגען זיך דען אויך?

— יאַ, — האָט גענטפֿערט דער אַלטער, — אַללע אַטאָמען זיינען בעשאָנקען פֿון דער נאַטור מיט בעוועגונג, אונ נאָך מיט וואָס פֿאַר אַ בעוועגונג!

— ווי אַזוי אָבער האָב איך ניט געוואוססט פֿון אַזאַ מערקווירדיגע ערשיינונג? צי האָבען דען געוועהנליכע מענשען קיין בעגריעף ניט פֿון דיעזער ערשיינונג?

דער זיידע האָט אַ שמייכעל געטהון.

— די בעוועגונג פֿון די אַטאָמען איז דיר שוין לאַנג בעקאַנט, — האָט ער געזאָגט, — דו האָסט זי ניט געזעהען, אָבער דו האָסט זי געפֿיהלט. דו האָסט וועגן געפֿיהלט וואַרמקייט? נו, זיי וויססען, דאָס די וואַרמקייט איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די בעוועגונג פֿון די אַטאָמען...

— דו זעהסט, — האָט וויטער געזאָגט דער אַלטער, — וואָס פֿאַר אַנ׳אונטערשיעד עס איז, ווי אונ ווער עס שטודירט אונ פֿאָרשט די ערשיינונגען? פֿון דעם מאָמענט אָן וועסט דו זיך אויף יעדען טריט איבערצייגען, אַז די וועלט איז גאָר ניט אַזוי, ווי זי ווייזט אויס.

אונ אַרום האָט דערווייל אומעטום געלעבט, אַללעס האָט זיך בעוועגט. דער אַלטער איז געשווינד אַריבער געגאַנגען פֿון איין אַטאָם אויף דען אַנדערן אונ האָט מיט זיך געפֿיהרט דאָס פֿריילײן. גלייך האָט מערי בעמערקט, אַז דאָס געשטאַלט פֿון די אַרומיגע אַטאָמען האָט זיך אומגעביטטען: די בלויזען (פֿאָרען) צווישען זיי זיינען געוואָרען קלענער.

— מיר זיינען אַריין אין אַ שטיינערנע וואַנד פֿונ׳ם הויז, — האָט איהר דער זיידע ערקלאָרט.

נור וואָס מעהרער זיי זיינען געגאַנגען פֿאָרויס, האָט מערי בעמערקט, דאָס די אַטאָמען בעוועגען זיך שוין ניט אַזוי לעבענדיג, ווי פֿריהער.

זי האָט געפֿראָגט איבער די אורזאַכֿע פֿון דיעזער ערשיינונג בײ׳ם אַלטען.

— מיר געהען אַרויס פֿונ׳ם איננערליכֿען טהייל וואַנד צום דרויססיגען, — האָט יענער געאָנטפֿערט, — דו זעהסט יעטצט, דאָס די אַטאָמען בעוועגען זיך לאַנגזאַמער; די מענשען אָבער זאָגען, אַז דער אויססערליכֿער טהייל פֿון דער וואַנד איז „קאַלט״ אונד דער איננערליכֿער איז „אָנגעוואַרמט״.

אונד דער אַלטער זיידע איז דערווײלע געגאַנגען אַלץ פֿאָרויס. — לאָמיר געהן ווייטער, — האָט ער געזאָגט. — עס בלייבט אונז נאָך איבער זעהר פֿיעל צו בעקוקען.

נור מערי איז שוין צו געוואוינט געוואָרען צו בעטראַכֿטען יעדע ערשיינונג, וועלכֿע זי האָט בעמערקט. יעדע נייע ערשיינונג האָט איהר געגעבען מאַטעריאַל אויף צו דענקען, האָט ערוועקקט אין איהר מוח אַ גאַנצע מחנה פֿון פֿראַגען אונד געדאַנקען; אָט אַזוי פֿערטהוין אין איהרע געדאַנקען, איז זי זיך נאָכֿגעגאַנגען נאָכֿ׳ן אַלטען זיידען.

מיט אַמאָל האָט זי דערזעהען, אַז דאָס אויסזעהען פֿון די טיילכֿעלעך האָט זיך ווידער געביטטען. די אַטאָמען פֿון יענעם קאָרפּער, אין וועלכֿען זיי זיינען געוועזען, האָבען זיך זעהר געשווינד בעוועגט; איין אַטאָם האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן דעם אַנדערן, האָט געצוואונגען יענעם שנעללער צו בעוועגען זיך אונד אַלליין האָט ער זיך לאַנגזאַם בעוועגט; נור טאַקע באַלד האָבען איהן שוין גענוממען אויף גיעך שטויססען אונד שטופּען די אַרומיגע אַטאָמען, מיט וועלכֿע עס האָט פּאַססירט דאָס אייגענע.

מערי האָט זיך געווענדעט צום זיידען.

— דאָס איז אייזען, — האָט איהר דער זיידע ערקלערט: — עס פֿיהרט איבער דורך זיך די גוט וואַרמקייט, עס איז אַ גוטער „לייטער״. מיר געפֿיננען זיך יעטצט אין אַנ׳אייזערנעם קלאָטץ, אויף וועלכֿען עס האַלט זיך דאָס געוואָלב פֿונ׳ם פֿענסטער. דו זעהסט, ווי די בעוועגונג געהט איבער פֿון איין אַטאָם צום אַנדערן, פֿונ׳ם צימער אויף די לופֿט. די אַטאָמען פֿון וואַנד טהוען אויך די זעלביגע זאַך, אָבער ניט אַזוי, ווי די אַטאָמען

פֿונ'ם אײַזען, ווייל אײַזען איז אַ גוטער דורכפֿיהרער (לייטער) פֿון וואַרמקייט...

— זיידע, איך האָב מורא, אַז די אַטאָמען זאָללען אונז ניט צערדריקען, — האָט מערי געזאָגט.

— האָב קיין מורא ניט, — האָט דער אַלטער געאָנטפֿערט, — קוק זיך בעסער צו אונ בעטראַכט, וואָס דו זעהסט דאָ. יעדער אַטאָם בעוועגט זיך דאָך אַהין אָדער אַהער ניט מיט אַ צופֿאַלל, נור ווייל ער קאָן זיך אַנדערש ניט בעוועגען, אונ דעריבער ווייס איך שוין פֿאָרויס, וואו אונ ווען יעדער אַטאָם געפֿינט זיך.

אונ צו בעשטאָטיגען זיינע רעד, איז דער אַלטער אַוועק פֿאָרויס מיט מערי'ן. זי האָט געזעהען, דאָס קיין איין אַטאָם ריהרט זיך אָן זיי ניט אָן, אונ פֿאַר זיי ליעגט אימער אַ ברייטער געראַימער וועג...

אונ דער אַלטער האָט ווידער אַוועק געפֿיהרט מערי'ן פֿאָרוואָרטס צווישען די ציטטערנדע אַטאָמען, אונ מערי האָט דערזעהען, אַז דיעזע אַטאָמען זיינען געבויט פֿון פֿערשיעדענע מאַטעריאַלען. פֿאַר אירהרע אויגען האָבען אַנדערע אַטאָמען זעהר שנעלל געביטען זייערע פֿאָרמען. דאָ זיינען זיי געוואָרען גראָסער, דאָ האָבען זיי זיך שוואַך צונויפֿגעדריקט, דאָ האָבען זיך צוויי אַטאָמען ווי צונויפֿגעגאָססען אין איינעם, דאָ איז פֿון איינעם געוואָרען צוויי. מערי האָט געזעהען, דאָס עס בייט זיך דאָס מאַטעריאַל אַלליין, פֿון וועלכע זיי בעשטעהען.

— זיידע, וואָס טהוט זיך איצט אַרום אונז? — האָט זי געפֿראָגט.

— די אַטאָמען בייטען אום זייער בעשטאַנד־טהייל, — האָט דער אַלטער געאָנטפֿערט. — עס בייט זיך אום דער שטאָף, וועלכער רינגעלט אונז אַרום. קוק זיך אַיין, אָט ווערט אַ טהיילכען וואַסער צערפֿאַללען אויף צוויי גאַזען: וואַססערשטאָף אונ זויערשטאָף, אָט פֿעראייניגט זיך (כעמיש) זויערשטאָף מיט אייזען, אונ עס ווערט דערפֿון ראָסט... זעה, ווי עס אָנדערט זיך אום דאָס געשטאַלט אונ דער בעשטאַנד־טהייל פֿונ'ם אַטאָם: דער

נייער אַטאָם האָט גאָר קיין אָהנליכקייט ניט אויף דעם, פון וועל־כען ער שטאַממט...

— זיידע, — וואו געפינען מיר זיך? פאַר וואָס קוממען דאָ פאָר אַזוי פיעל מעטאַמאָרפאָזען (פערוואַנדלונגען, איבער־קעהרענישען)?

— מיר געפינען זיך אין אַ שטיקעל אייזען, וועלכעס ראָס־טעט פון וואַסער...

אונד דער זיידע איז אלץ געגאַנגען פאָרוואָרטס אונד האָט בעוויעזען:

— אָט איז וואַסערשטאָף, אָט איז אַייזען, אָט איז זויער־שטאָף, אָט איז קופּפער, קיזהל...

אונד מיט אַמאָל האָט מ ע ר י דערזעהען צווישען דעם ראָסט אין דעם ציעגעל אַנ׳אַטאָם פון גאָלד.

— ווי אַזוי האָט אַהער געקאָנט אַריינפאַללען גאָלד? — האָט מ ע ר י געפראָגט.

— גאַנץ איינפאַך, האָט דער אַלטער געאָנטפערט: — דיעזער אַטאָם האָט אַמאָל געהאָרט צום גאָלדענעם קעטעל פונ׳ם פערוואַלטער אויפ׳ן ציעגעל־זאַוואָד. ער האָט זיך אָבגעריססען פונ׳ם קעטעלע אונד איז אַריינגעפאַללען אין זאַמד; צוזאַממען מיט׳ן זאַמד האָט מען אויך דיעזען אַטאָם פערהאַפּט אונד מען האָט עס צו מישט מיט׳ן לעהם פון וועלכען דער ציעגעל איז גע־מאַכט געוואָרען. דו זעהסט א וואונדער? וויפיעל דער אַטאָם האָט ניט אַרום געוואַנדרעוועט, איז ער געבליעבען אונפער־אָנדערט, — ער איז ניט פערלאָרען געגאַנגען, ער איז ניט פערניכטעט געוואָרען. ער האָט אויף אַזאַ אופן געוואַנדערט ווער ווייס פון ווען אָן, אונד ער וועט אַזוי אייביג וואַנדערען אונד קיינמאָל ניט פערניכטעט ווערען!...

אונד אים קאָפּף פון מ ע ר י איז דערווייל אַריינגעדרונגען איין בילד נאָכ׳ן אַנדערן; די פאַנטאַזיע האָט איהר אָבגעמאָלט, וואָס פאַר אַ רייזע עס האָבען געמאַכט די אַללע אַטאָמען, וועלכע רינגלען זי אַרום, וואו זיי זיינען געוועזען אַמאָל, וואו זיי וועלען זיין אין מילליאָנען יאָהרען אַרום.

— וואַרט נאָך, האָט דער זיידע „צייט" געזאָגט, — אונזער רייזע העבט זיך ערשט אָן. פֿערשטעהן די וועלט איך דאָך עפּעס ניט קיין שפּיעלכֿעל, נור דאָך וועסט דו זי פֿערשטעהן, — שטודיר נור גוט, בעטראַכֿט זעהר גוט, וואָס איך וועל דיר בעווייזען אונ געדענק... אָט בעמערקסט דו יעטצט גאָר ניט זעהר אַ וויכֿטיגע זאַך.

מערי האָט זיך גוט אומגעקוקט אַרום זיך אונ האָט דערזעהן, דאָס אין די בלויזען (פּאָרען) צווישען די אַטאָמען האָבען זיך עפּעס בעוועגט, אַזוי ווי אומגעפֿלויגען, זעהר דינע „שטויבעלעך"; זיי זיינען געפֿלויגען אַזוי געשווינד, אַז מען האָט זיי בשום אופן ניט געקאָנט בעטראַכֿטען. זיי האָבען זיך אויך אָנגעשטויססען איינער אָן דעם אַנדערן, זיי זיינען אָבגעשפּרונגען צוריק, אונ האָבען זיך בעוועגט אונ געדרעהט מיט אַ געוואַלטיגע שנעללקייט.

— זעהסט דו אָט דיעזע קליינע קיילכֿלעך, — האָט דער אַלטער ווייטער געזאָגט, — דאָס זיינען די אַטאָמען פֿון דער דיננסטער לופֿט־אָטהער (Эөиръ), וועלכֿע געפֿיננען זיך אונ בעוועגען זיך צווישען די אַטאָמען פֿון אַללע קאָרפּערס. טהו אַ קוק, ווי געוואַלטיג גיעך זיי בעוועגען זיך; זעה, ווי עס גיעבט זיך איבער דיעזע בעוועגונג פֿון איין אָטהער־אַטאָם צום צווייטען... דו וויסט, ווי די מענשען רופֿען אָן דיעזע בעוועגונג פֿון די אָטהער־אַטאָמען? זיי רופֿען זי: עלעקטריציטאָט, מאַגנעטיזמוס, ליכטיגקייט אונ אַנדערש...

אונ מערי האָט דערזעהען, ווי פֿיעלע, פֿיעלע אָטהער־אַטאָמען, אָנריהרענדיג זיך צו וועלכֿען עס איז טהיילכֿען, צווינגען איהם עס זאָלל אויך ציטערן אונ זיך בעוועגען: פֿאַר איהרע אויגען האָבען די טהיילכֿען איבער געגעבען זייער בעוועגונג דיעזע אָטהער־אַטאָמען אונ די אָטהער־אַטאָמען — די געוואָהנליכֿע קאָרפּער־אַטאָמען (טהיילכֿען)...

— דו זעהסט איינע פֿון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען, — האָט דער אַלטער ווייטער דערקלערט, — דו זעהסט, ווי די בעוועגונג פֿון איין אַרט אַטאָמען געהט איבער אין אַ בעוועגונג פֿון

אַנ׳אַנדער אַרט אַטאָמען. ווייסט דו, ווי די מענשען רופֿען אָן דיזען איבערגאַנג? „די איבערוואַנדלונג דער נאַטור־קראַפֿטען פֿון איינע אין די אַנדערע״... טהו נור אַ בליק: אין דיזער קאַלטער וואנד, אויף וועלכע דו האָסט ניט לאַנג געקוקט, בעגעגענדיג דאָס ניי־יאָהר, האָט זיך בעוויעזען וואַרמקייט און עלעקטריציטאָט; אין איהר דרינגט דורך, האָטש זעהר ווייניג, די ליכטיגקייט פֿון די ברענענדיגע לאָמפּען און ליכט אין די שיינונג פֿון דער לבנה און זעה: אין דיזער וואַנד, און אומעטום, און אַללע מאָל, געהען איבער דיזע „נאַטור קראַפֿטען״. ד. ה. די בעוועגונגען, איינע אין די אַנדערע.

— יאַ, זיידע, — האָט מערי געאַנטפֿערט מיט היטץ,— יעטצט זעה איך אַרויס, אַז אַלץ אויף דער וועלט איז לעבען, אַלץ אויף דער וועלט איז בעוועגונג... ווען איך וועל צוריק ווערען אַ געוואָהנליכער מענש, וועל איך שוין מעהר ניט קוקען אויף אַלץ, אַזוי ווי איך האָב געקוקט... מיינע געדאַנקען וועלען שוין פֿון היינט אָן דורכדרינגען אין די טיעפֿסטע אָרטער פֿון די געגענשטאַנדען; איך פֿערשטעה שוין יעטצט, וואָס פֿאַר גרויסע גאונישע קעפּ די מענשען האָבען, אַז זיי האָבען זיך ערקלאָרט, אַז אַללע קערפּערס בעשטעהען פֿון ציטערענדע אַטאָמען, האָטש זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהען. נור איצט, ווען איך קוק אויף דיזע אַטאָמען, פֿערשטעה איך, ווי שטאַרק דער מענשליכער פֿערשטאַנד איז!

דער אַלטער האָט געהערט די פֿייערינגע רעד פֿונ׳ם פֿריילין און איז, שמייכלענדיג, נעגאַנגען אַלץ פֿאָרוואָרטס און פֿאָרוואָרטס...

נור אָט האָבען די אַטאָמען ווידער אומגעביטען זייערע בעשטאַנד־טהיילען, און זייערע בלויזען האָבען זיך זעהר פֿערגראָססערט...

— מיר זיינען אַרויס אויף די לופֿט, — האָט דער אַלטער בעמערקט.

---

# VIII.

זיי זיינען געשטאַנגען אויף אַ ציטטערענדען אַטאָם פֿון דער וואַנד. צו איהם זיינען צו געפֿלויגען אַטאָמען לופֿט, האָבען זיך אָבגעשטויססען אָן איהם און זיינען אָבגעשפּרונגען צוריק. אָבּ־שפּרינגענדיג, האָט איין אַטאָם לופֿט אָנגעשטויססען זיך אָן אַנ־דערן אַטאָם, איז ווייעדער אָבגעשפּרונגען, בּייטענדיג די ריכֿטונג, און ער האָט אַזוי אין זיין בּעוועגונג בּעשריעבּען זעהר אַ גע־בּראָכֿענע ליניע... די אַטאָמען לופֿט, וועלכֿע זיינען, איבּער־הויפּט, געוועזען 2 אַרטיגע („זויערשטאָף און שטיקקשטאָף", האָט אַ טראַכֿט געטהון מערי), האָבען שוין ניט געציטטערט, האָבען זיך ניט בּעוועגט אויפֿ'ן איין און דעם זעלבּיגען אָרט, נור זיי האָבען זיך שטאָנדיג אַריבּער געטראָגען פֿון איין אָרט אויף דאָס אַנדערע. „אָט ווי אַזוי עס איז געמאַכֿט די לופֿט!" האָט זיך מערי געטראַכֿט, קוקענדיג, ווי עס וואַנדרעווען אַרום איהר די גאַז־אַטאָמען. צווישען זיי, פּונקט אַזוי ווי צווישען די אַטאָמען פֿון וואַנד, האָבען געציטטערט די אֶטהער־אַטאָמען...

און דער זיידע „צייט" איז פֿלינק אַרויפֿגעשפּרונגען אויף איינעם פֿון די לופֿט־אַטאָמען, וואָס איז צו געפֿלויגען צו דעם, אויף וועלכֿען זיי זיינען געשטאַנגען, און ער האָט אריבּער גע־טראָגען אַהין אויך מערי'ן. דער אַטאָם האָט זיך געשווינד ער־ווייטערט פֿון דער וואַנד. אַללע ווייַלע זיינען אויף „צייט'ס וואָ־גען" אַרויפֿגעפֿלויגען אַנדערע אַטאָמען, וועלכֿע האָבען איהן גע־צוואונגען צו בּייטען זיין ריכֿטונג, און אויף אַזאַ אופֿן, האָט זיך דער „עקיפּאַזש" געלענקט איבּער זעהר אַ געקרימממטען וועג.

„צי וועללען מיר זיך דען בּעוועגען אַזוי לאַנגזאַם", האָט אַ טראַכֿט געטהון מערי, און, ווי טרעפֿענדיג איהרע געדאַנ־קען, האָט דער אַלטער מיט אַ מערקווירדיגער שנעלליקייט וויע־דער אָנגעהויבּען אַריבּער צו שפּרינגען פֿון איין לופֿט־אַטאָם אויף דעם אַנדערן.

— פֿאָרוואָרטס, — האָט זי געזאָגט, — פֿאָרוואָרטס! מיר האָבען נאָך אַ סך, אַ סך צו בעקוקען.

און ענטקעגען זיי האָבען זיך זעהר שנעלל אָנגעהויבען דרעהען די אַטאָמען. אָנשפּאַרענדיג זיך אָן די האַנד פֿון דעם אַלטען, האָט מ ע ר י ניט געפֿיהלט קיין מידיגקייט; די רייזענדע האָבען אַלץ געשוועבט פֿאָרוואָרטס און פֿאָרוואָרטס...

לאַנג האָבען זיי זיך אַזוי געטראָגען, און אומעטום האָבען זיי געהאַט אַ פֿרייען אָפּפֿענעם וועג. קיין זאַך האָט זיי ניט געשטערט צו געהן אין זייער וועג: ניט קיין שטיינערנע וואַנד, ניט קיין ברייטע טייכען און יַמים. זיי האָבען בעגעגענט אַ שטיין, — זיינען זיי דורך צווישען די אַטאָמען פֿון'ם שטיין; האָבען זיי געטראָפֿען אויפ'ן וועג בערג, שנעען און אַייז, — האָבען זיי זיך דורכגעטראָגען צווישען זייערע אַטאָמען. זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך די קאָרפּערס פֿון טהיערען, זיי זיינען דורך געגאַנגען דורך פּפֿלאַנצען, און אומעטום האָט מ ע ר י בעגעגנעט איינס און דאָס זעלביגע: זי האָט ניט געזעהען קיינע געגענשטאַנדע, זי האָט געזעהען נור די קליינע טהיילכען פֿון די געגענשטאַנדע: די געוואָהנליכע קאָרפּער־אַטאָמען און אָטהער־אַטאָמען. די גאַנצע וועלט איז אַזוי ווי פֿערנאַנדער געפֿאַללען אויף אַ אונצאָהלבאַרע מאַססע פֿון אַטאָמען. אַללע לעבענדיגע קאָרפּערס, אַללע געגענשטאַנדע זיינען געווען צונויפֿגעשטעללט פֿון פֿערשיעדענערליי געבוימע אַטאָמען, וועלכע האָבען זיך בעוועגט אין פֿערשיעדענערליי ריכטונגען, און צווישען דיעזע אַטאָמען האָבען אויך געציטטערט די אָטהער־אַטאָמען. די רייזענדע זיינען אויך דורכגעגאַנגען דורך דעם אָרגאַניזמוס (קאָרפּער) פֿון אַ מענשען, און זיי האָבען דאָ אויך בעגעגנעט די זעלביגע אַטאָמען און די זעלביגע בעוועגונג...

— זיידע, — האָט מ ע ר י געפֿראָגט ביים אַלטען, — זאָג מיר, וואָס דאָ קוממט פֿאָר אַרום מיך? איך זעה דאָך דאָ קיין ציעל ניט, קיין געדאַנק. אָבער די אַטאָמען בעוועגען זיך און וויעדער די אַטאָמען ציטטערן און בייטען אום זייערע פּנים'ער! צו וואָס אָבער פֿיהרט עס דיעזע אייביגע בעוועגונג, דיעזע אונ־

בעמערקטע פֿעראָנדערונגען, דיעזע אונבעמערקטע אַרבייט?

— שווייג, — האָט איהר געזאָגט דער זיידע, — שווייג, רעד ניט אַזוי!... מיר הייבען דאָך ערשט אָן אונזער רייזע. דו ווערסט נאָך דערזעהען די וועלט, דו ווערסט זיך דערוויסען, ווי אַזוי עס לעבט דאָס, וואָס פֿיעלע רעכענען פֿאַר טוידט, דו ווערסט, צום סוף, פֿערשטעהן דיעזען „פּלאָנעטער", און ווערסט געפֿינען אין איהם דען גראָסטען זינן, און דו ווערסט פֿערשטעהן, צו וועלכע רעזולטאַטען עס פֿיהרט...

— ניין, — האָט זיך מערי געהאַלטען ביי דאָס איהריגע, — איך זעה קיין טאָלק ניט אַרוים אין דיעזער בעוועגונג, איך זעה גאָר נישט!...

— איך זאָג דאָך דיר, אַז דו ווערסט איהן יאָ דערזעהען; ביז יעטצט האָסט דו געזעהען מעהר נישט דאָס מאַטעריאַל, פֿון וועלכעם די וועלט איז געבויט. איך דאַרף דיר אָבער נאָך בע־ווייזען, ווי אַזוי זי ווערט געבויט פֿון דיעזעם מאַטעריאַל. איך וועל דיר בעווייזען, ווי איך אַרבייט איבער דיעזעם מאַטעריאַל, און וואָס עס קומט אַרוים פֿון מיין אַרבייט!...

און דער אַלטער האָט געשוועבט פֿאָרוואָרטס.

נור אָט זיינען די בלויזען (פֿאָרען) צווישען די אַטאָמען גע־וואָרען אַ סך גראָסער; די אַטאָמען האָבען זיך גענומען בע־געגנען אַלץ זעלטענער און זעלטענער, און זייערע בעוועגונגען זיינען אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרען.

— זיידע, — וואוהין טראָגסט דו מיך יעטצט? — האָט געפֿרעגט מערי.

און דער זיידע האָט איהר בעוויעזען מיט דער האַנד אַראָב. דאָרט, אונטען, בעלויכטען מיט דעם בלויען שיין פֿון דער לְבָנָה, האָט זיך געדרעהט די ערד־קוגעל... די ערד איז גע־וועזען אַזוי ווייט, דאָס מערי האָט שוין ניט געקאָנט אונטער־שיידען בעזונדער יעדען אטאָם... אַנ'אונגעהייער גרויססע צאָהל פֿון אונענדליך קליינינקע אטאָמען האָט זיך איהר יעטצט פֿאָר־געשטעללט, אַלס אַ שאָנער פּלאַנעט, וועלכער איז אַלץ מעהרער און מעהרער געזונקען אין דעם גרויססען וועלט־רויהם... מיט

אֵימה האָט מערי געקוקט אויף די אַרומיגע אונענדליכקייט...

אונ דער זיידע „צייט" האָט זיך אַלץ געטראָגען פאָרויס אונ פאָרויס. פאַר ביי איהם זיינען אַרום געפלויגען די אַטאָמען פון פערשיעדע שטאָפפען; מערי האָט קוים געקאָנט דערקאָננען די שטאָפפען, וועלכע זיי האָבען בעשטעללט; זי האָט בעמערקט די אַטאָמען פון וואַססערשטאָף, אַייזען, זויערשטאָף, שוועבעל, וואַססער, קויהלענזויערע אונ פיעלע אַנדערע שטאָפפען, מיט וועלכע זי האָט זיך בעקאָננט אויף דער ערד...

אָפט פלעגט דער זיידע „צייט" אַלאָז געבען זיך צו דעם אָדער יענעם שטערן, וועלכער האָט דאָרט געבלישטשעט אין דער פינסטערנים... אָפט האָט ער אָנגעיאָגט אַ קאָמעט אָדער אַ פלאַנעט אַ וועלכען עס איז, אונ מערי האָט דאַן דערזעהען, דאָס אויך די שטערן, פלאַנעטען, קאָמעטען, אויך די איבריגע שטיינערנע אָדער מעטאַללענע קאָרפּערס, וועלכע טראָגען זיך אַרום אים הימעלס-רויהם, בעשטעהען אויך פון אַטאָמען; זי האָט דערזעהען, אַז אויך אין די אָבגרונדען פון הימעל איז ניט דאָ קיין אונבעוועגליכעס טיילכעלע...

דער זיידע פלעגט אַנ'אַנדערם מאָל אַראָב לאָזען זיך אויף די שטערן אונ אַרומגעהן אויף זייער אויבערפלאַכע אָדער אַרונטער לאָזען זיך אין זייער טיעפענים. אונ מערי האָט דערזעהען, דאָס אַללע אַטאָמען, פון וועלכע עס בעשטעהען דיעזע פינקעלנדע שטערן, ציטטערן זעהר געשווינד, זעטצען אָן מיט אַ איינער אויפ'ן אַנדערן אונ זיי קלאַפּען אָן מיט קראַפּטען אויף די אֶטהער-אַטאָמען, וועלכע נעהמען זיך שרעקקליך גיעך בעוועגען, אונ דיעזע בעוועגונג געהט פון איין אֶטהער-אַטאָם צום אַנדערן, פון זיי — צו די קאָרפּער-אַטאָמען, אונ אַזוי ווערט פערנאַנדער געשפּרייט דיעזע „בעוועגונג" איבער דער גאַנצער וועלט...

— דו ווייסט, — האָט געזאָגט דער זיידע, — וואָס דיעזע ציטטערנים פון די אֶטהער-אַטאָמען בעדייט? פון דיעזער בעוועגונג פון די אֶטהער-אַטאָמען איז „ליכטיג" אויף דער וועלט. זיי ווייסען יעטצט, וואָס „ליכטיגקייט" איז אַזוינס: לאַנגע, אונענדליך לאַנגע רייהען פון ציטטערנדע אֶטהער-אַטאָמען (אָדער ווי

די מענשען רופען זיי אָן „שטראַהלען“) פון דער זונן אָדער פון אַנ׳אַנדער שטערן דערגרייכען דאָס אויג פון אַ מענשען, געבען דאָרט אַ ריהר דען „זעה־נערוו“, וועלכער ציעהט זיך צום מאַרך, וואו עס ווערט שוין אויסגעפערטיגט דאָס געפיהל פון „זעהען“, און אויף אַזאַ אופן זעהט דער מענש, אַז דאָרט, גאַנץ ווייט, ברענגט אַ „ליכטיגער“ שטערן.

און זיי זיינען געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער; מיללי־יאָנען שטערן האָבען געפינקעלט אַרום זיי; אַרום די שטערן האָבען זיך אַרום געטראָגען די פּלאַנעטען; אַרום די פלאַנעטען האָבען זיך געדרעהט זייערע מיט־רייזענדער. די קאָמעטען זיינען דאָ און דאָרט איבער געפלויגען פון איין שטערן צו דעם אַנדערן... און צווישען זיי האָבען זיך אום געטראָגען נאָך היממלישע קאָרפּערס (מעטעאָריטען), אַטאָמען פון אַללערליי שטאָפען, עס האָבען געציטטערט די אֶטהער־אַטאָמען... דער זיידע „צייט“ האָט זיך אַמאָל אַרונטער געלאָזען און אַרונטער געלאָזען אַלץ ניעדריגער און טיעפער, און מערי האָט שוין געמיינט, אַז עס וועט קיין סוף ניט נעהמען פון דיעזען פאַללען און זינקען, און אַמאָל האָט ער זיך גענוממען אויפהעבען העכער און העכער, און אויבען, ווי אונטען, האָט זי אַלץ בעגעגנעט די זעלביגע אונענדליכקייט.

מערי האָט אַלץ מעהרער און מעהרער אָנגעהויבען צו פערשטעהן יענעס לעבען, וועלכעס קוממט פאָר אין הימעל; אַלץ טיעפער און טיעפער האָט זי געחאַפּט בעגרייפען, ווי שטרענג און ווי פּינקטליך עס זיינען בעשטיממט די וועגען פון די הימעלס־לייכטער, וועלכע שוועבען אום פון איין עקק וועלט ביז׳ן אַנדער׳ן; זי האָט געזעהען, דאָס די גראָססטע שטערן פערליערען זיך אין דעם גראָנצענלאָזען וועלטרויהם, אַזוי ווי די קלענסטע אֶטהער־אַטאָמען...

און דער זיידע האָט ניט אַרונטערגעלאָזען פון זיינע אויגען קיין אַטאָם, וועלכער האָט זיך איהם געטראָפען אויפ׳ן וועג. ער פלעגט אַנ׳אַנדערס מאָל דאַבֵיי זאָגען מערי׳ן:

— דו ווילסט זעהען: אָט דיעזער אַטאָם וועט זיך שוין

נעהמען דרעהען אין אַנ'אַנדער זייט.

און אין דעם זעלביגען מאָמענט האָט זיך דיזער אַטאָם אָנגעשטויססען אָן אַנ'אַנדערן אַטאָם און, פֿונ'ם שטויסס, האָט זיך געביטען זיין ריכטונג, און ער האָט זיך אַוועק געטראָגען גאָר אין אַנ'אַנדער קאַנט.

— זיידע, — איך פֿערשטעה ניט, ווי אַזוי קאָנסט דו זיך בעשעפֿטיגען מיט אַזוינע קליינינקייטען? — האָט געפֿרעגט מערי. — אַרום דיר זיינען דאָ גאַנצע וועלטען, און דו האָסט צו טהון גאָר מיט קליינינקע אַטאָמען!...

דער אַלטער האָט געשמייכעלט.

— איך וויים ניט פֿון קיין קליינינקייטען, — האָט ער געזאָגט, — איך וויים אויך ניט פֿון קיין גרויססע זאַכען; פֿון אַ סך קליינע זאַכען ווערען גרויססע, פֿון אַ סך טהיילכעלעך (אַטאָמען) ווערען געבילדעט גרויססע און שרעקליך ברייטע וועלטען... מיט דער הילף פֿון איינע אַטאָמען ווירק איך אויף די אַנדערע און צווינג זיי איינצושטעללען זיך אַזוי, ווי מען בעדאַרף. איך שטעלל אַוועק די אַטאָמען אין אַזאָלכע בעדינגונגען, אַז זיי קאָננען זיך אַנדערש ניט צונויפֿשטעללען, ווי זיי שטעללען זיך צונויף...

מערי האָט פֿערשטאַנגען, אַז דער זיידע האָט איהר דאָ ענטדעקט, ווי אַזוי ער אַרבייט. זי האָט דערגאַנגען, אַז דער זיידע אַרבייטעט ניט מיט די האַנד, נור ער צווינגט איינע אַטאָמען ווירקען אויף די אַנדערע... און אין יעדען אַטאָם, וועלכער עס האָט זיך איהר בעגעגענט, האָט זי געזעהען אַ קליינעם בעהעלפֿער פֿון דעם אַלטען זיידען „צייט“...

— אָט אַזוי, — האָט דער אַלטער דערוויילע פֿאָרטגעזעטצט, — אָט אַזוי שטעלל איך צונויף די אַטאָמען אין גרויססע וועלטען. אין מיין וואָהנונג איז שוין איינגעפֿיהרט אַזאַ אָרדנונג, דאָס די אַטאָמען אַלליין, שטופּענדיג זיך איינער אָנ'ם אַנדערן, שטעללען זיך צונויף אין שטערן און פּלאַנעטען, שטיינער און קאָמעטען, אָדער עס געהט אַרויס פֿון זיי אַ פּפֿלאַנצע, אָדער אַ חיה, אָדער אַ מענש.

און ער האָט זיך ווידער אַלאַז געטהון פֿאָרוים. דאָס מאָדכען האָט געזעהען, אַז, שטו סטענדיג אין אַטאָם אָן דעם אַנדערן, האָט דער ווידע „צייט" געהאַט צו פֿערפֿערטיגען פֿערשיעדענע שטאָפּען אין איין אָרטער פֿון דער וועלט; עס איז פֿון זיי געוואָרען גרויסע וואָלקענס, גראַנצענלאָזע נעבעל־מאַססען. די „צייט" האָט זיי צונויפֿגעטריבען פֿון אַללע עקקען וועלט, זי האָט אַהער צונויפֿגעטריבען אַטאָמען פֿון אייזען, פֿון וואַססערשטאָף, פֿון שוועבעל, פֿון קופּפער, פֿון זויערשטאָף און פֿון פֿערשיעדענע אַנדערע מאַטעריאַלען. מ ע ר י האָט געזעהען, ווי די צאָהל פֿון די אַטאָמען ווערט אַלץ גראָבסער און גראָססער, ווי זיי שטויסען זיך אָן איינע אויף די אַנדערע אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און אַן איין אָרט האָבען זיי זיך אַזוי דערנאָהנטערט, אַז עס האָט זיך פֿון זיי געבילדעט אַ מין קערן (יאָדרע)...

— ווידע, — האָט מ ע ר י געפֿראָגט דען אַלטען, — וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס איז אַ נייגעבוירענע זונן, דאָס איז אַ נייע וועלט, וועלכע איך בוי אין דעם הימעלס־רוים. איך וועל צונויף טרייבען אַהער אונגעהייער־גרויסע מחנות פֿון אַטאָמען, איך וועל זיי צווינגען צו פֿעראייניגען זיך. און אַז עס וועללען פֿאָריבער־געהן מילליאָנען יאָהרען, וועט אויף דיעזעם אָרט פֿערגלאַנצען אַ פּראַכטפֿאָללער שטערן . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און זיי האָבען זיך אַלץ געטראָגען פֿאָרווערטס, און מ ע ר י האָט געזעהען, דאָס אין אַ סך, אַ סך אָרטער פֿון דער וועלט אַרבייטעט דער ווידע „צייט", בעשאַפֿענדיג אַלץ נייע און נייע וועלטען . . .

נור אָט האָט זיך בעוויעזען פֿונ'ם שוואַרצען אָבגרונד פֿון הימעלס־רוים אַ גרויססע דונקעלע קוגעל, וועלכע האָט אין פֿיעל מאָל אַריבער געשטייגט די גאָלדענע זונן, נור אויף איהר האָט געהערשט אַ שרעקליכע שטיללשווייגעניש: ניט קיין וואַרמ־

קייט, ניט קיין ליבּטיגקייט, ניט קיין לעבען... ער האָט זיך אַרום געטראָגען אין דעם גרויססען אונענדליכען פּלאַטץ אונ האָט אויסגעזעהען, ווי אַ גיגאַנטישער (ריזיגער) טרופּ, וועלכער זוכט די קבורה אין דער אונענדליכקייט פון דער וועלט.

מערי האָט זיך צו געפּרעססט צום אַלטען פאַר גרויסס שרעקק.

— זיידע, — האָט זי געשעפּטשעט, — וואָס פאַר אַ קוגעל דרעהט זיך עס נעבען אונז?

— דאָס איז אַ פערלאָשענער שטערן, אַ געשטאָרבענע זונן, אַ רואינירטע וועלט, — האָט יענער געאָנפערט. — אַמאָל איז זי אויך צונויפגעשטעללט געוואָרען פון די אַטאָמען, וועלכע איך האָב צונויפגעקליעבען פון אַללע עקקען פון דער וועלט. אַמאָל האָט זי אויך געבלישטשעט אים היממעל, ווי אַ פריינד־ליכער שטערן; נור איהרע אַטאָמען האָבען איבערגעגעבען כּמְעַט זייער גאַנצע בעוועגונג די אַטאָמען פונ'ם אֶטהער, אונ דיעזע האָבען פערנאַנדער געטראָגען די בעוועגונג איבער דער גאַנצער וועלט. די אַטאָמען פונ'ם שטערן האָבען גענוממען ציטטערן אביססעל שטיללער, אונ זיי האָבען שוין קיין קראַפט נים גע־האַט צו בעוועגען דעם אֶטהער, אונ אויף אַזאַ־נ־אַרט איז אויפ'ן שטערן ניט געוואָרען ניט קיין ליבּטיגקייט אונ ניט קיין וואַרמ־קייט...

אונ די שוואַרצע קוגעל האָט זיך אַלץ מעהרער אַוועק גע־טראָגען אין וועלטרויהם.

— אָבער עס וועללען פאָריבערגעהן מיליאָנען יאָהרען,— האָט פאָרטגעזעטצט דער זיידע, — אונ דיעזע קוגעל וועט פער־נאַנדער פאַללען זיך אויף קליינע בראָקקעלעך, וועלכע וועללען זיך פערנאַנדער פליעהען אין אַללע עקקען וועלט; אַנדערע פון זיי וועללען אַראָב פאַללען אויף פערשיעדענע שטערן אונ פּלאַ־נעטען אונ אַנדערע וועללען זיך פערנאַנדער פאַללען אויף אַטאָמען אונ איך וועל פערנאַנדער טרייבען דיעזע אַטאָמען איבער דער גאַנצער וועלט. לאַנג, לאַנג וועללען זיך די אַטאָמען אַרום טראָ־גען צווישען די וועלטען, אַ סך פון זיי וועללען טרעפען אויף די

פלאַנעטען, אַ סך וועללען אַריין אין די ערד־רינדע (קאָרע), אין די אָרגאַניזמען (קאָרפּערס) פֿון חיות און געוואָכסע. נור איך וועל ווידער צונויפֿזאַממלען אין איין אָרט דיעזע איבערגעבליעבענע אַטאָמען פֿון הונדערטער צערראָיעטע וועלטען און פֿון זיי וועלל איך אויפֿבויען אַ נייע וועגט...

מ ע ר י האָט ניט געקאָנט אַרויס רעדען אַ וואָרט פֿון גרויס אויפֿרעגונג. פֿאַר איהרע אויגען האָט זיך געאָפֿענט אַ גרויס־אַרטיגעס בילד פֿון דער גאַנצער וועלט. די פֿאַנטאַזיע האָט איהר געמאָלט מיט שאָנע פֿאַרבען דיעזען בייט פֿון לעבען און שטאַרבען, דען בייט פֿון בעשאַפֿען און פֿערניכטען...

— זיידע, — האָט זי אַרויס גערעדט, — זיידע, יעטצט העב איך אָן צו פֿערשטעהן דיין אַרבייט. איך פֿאַנג אָן צו זעהען דען טיעפֿען געדאַנקען, די גרויססע בעדייטונג פֿון דעם, וואָס איך זעה אַרום זיך.....................

...........................

און דער זיידע „צייט" האָט געשוועגט פֿאָרוואָרטס און האָט געזונגען:

— איך אַרבייט, איך אַרבייט, איך אַרבייט! איך ברייננג צוזאַממען און נעהם פֿערנאַנדער די אַטאָמען, איך מאַך פֿון זיי וועלטען און טרייב זיי פֿערנאַנדער איבער דער גאַנצער וועלט. איך מאַך לעבענדיג די הימעלס אָבגרונדען מיט דער אייביגער בעוועגונג, איך נאָטה די ליכט־און וואַרם־וועללען איבער צי־גיעססען זיך פֿון איין עקק וועלט אין דען אַנדערן, איך צינד אָן די שטערן און וויז זיי דען וועג אין די אָבגרונדען פֿון דעם וועלט געביידע... איך אַרבייט, איך אַרבייט!...

הויך האָט זיך געלאָזט האָרען דיעזעס ליעד אין דעם הימעלסרויהם. אַנ'אונגעהייערע מאָכטיגקייט האָט זיך געהאָרט אין דער שטיממע פֿונ'ם אַלטען. און די בלישטשענדע שטערן, די שאָנע פּלאַנעטען, די קלענסטע טהיילכעלעך (מאָלעקולען) און די אַטאָמען האָבען אָבגעהילכט, „אָבגעשפּיגעלט" די קלאַנ־גען פֿון דעם ליעד. און מ ע ר י'ן האָט זיך געדאַכט, אַז ניט

דער ווידע „צייט“ ווינט דיזעס ליער, נור די גאַנצע וועלט...

# IX.

אַט האָט וויט, ווייט, אין דער דונקעלער טיעפעניש פון׳ם הימעל געקוממען ברענגען אַ פינקעלע. איז אַן׳אויגענבליקק אַרום איז פון דיזעם פינקעלע געוואָרען אַ גרויסע פייערדיגע קוגעל, וועלכע האָט פערשטעללט מיט זיך כמעט דען גאַנצען האָריזאָנט. דאָס פריילין האָט אַ קוקק געטהון אויף דיזער קוגעל, אונ זי איז דערשראָקקען געוואָרען: די גאַנצע אויבערפלאַכע פון דער קוגעל האָט פאָרגעשטעללט אַ פייערדיגען ים. די שווערע וועללען פון דער קאָכענדיגער לאַוואַ (צערשמאָלצענע מאַססע) זיינען דורכ־געלאָפען איבער דיזען ים. דאָ אונ דאָרט האָט מען געזעהען אויף דער אויבערפלאַכע פערשידענע דונקעלע מאַססען, וועלכע האָבען זיך געטראָגען איבער די פייערדיגע וועללען, פונקט אַזוי ווי עס טראָגען זיך די קריהעס (שטיקקער אייז) איבער׳ן אייז־מעער.

דער אַלטער איז צו געגאַנגען נאָהענט צו דער קוגעל אונ איז אַריין אין די אויבערשטע פאַכען פון׳ם שווערען ברענענדיגען נעבעל, וועלכער האָט אַרום גערינגעלט דיזע וועלט.

— ווידע, — האָט זי געפראָגט ביים אַלטען, — וואָס פאַר אַ פייערדיגע קוגעל געפינט זיך דאָס פאַר אונז?

— דאָס איז אַ יונגער פלאַנעט, — האָט געאָנטפערט דער אַלטער, — אונ אָט איז אויך די זונן, אַרום וועלכע דיזער פלאַ־נעט שוועבט אום.

אונ ער האָט אָנגעוויזען אויף אַ שטערן, וועלכער האָט געבלישטשעט פון דער וויטענס.

— קוקק, — האָט פאָרטגעזעטצט דער אַלטער, — קוקק מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט. איך וועלל דאָ פאַר דיר אַרויס ברייננען אַזאָלכע ערשיינונגען, וועלכע פאַססירען, געוויהנליך, אין דער צייט פון אַ סך מילליאָנען יאָהר.

און אַט האָבען גענוממען אויסוואַקסען פאַר דעם פרייליין אין די אויגען דונקעלע אינזלען, וועלכע זיינען געשוואוממען איבערן פייערדיגען ים. זיי האָבען זיך אָנגעשטויססען איינע אָן די אַנדערע, און זיי האָבען זיך צונויפגעקלעבט מיט אַזאַ פער־קיהלענדע מאַססע. און דער פייערדיגער ים האָט זיך אַלץ מעהרער און מעהרער בעדעקקט מיט אַ דונקעלער רינדע (קאָרע).

און אונטער דער רינדע האָט זיך געבורבעלט אַ פייערדיגע מאַססע, וועלכע האָט געזוכט אַרויס צוברייסען זיך אויף די אויבערפלאַכע; צייטענווייז האָט דאָס איהר געלונגען, נור, פערגאַנדערגיעססענדיג זיך, איז די לאַווע פערקיהלט געוואָרען און האָט גענוממען האַרטעווען... און דער דונקעלער קוגעל האָט זיך פאַר מערי'ס אויגען בעדעקקט מיט אַ דונקעלער הייססער רינדע.

— גיעב אַ קוקק, וואָס אַרום דיר קוממט פאָר, — האָט געזאָגט דער ווירע „צייט".

אַרום מערי'ן איז פאָרגעקוממען אַ מערקווירדיגע ערשיי־נונג. די אַטאָמען פון וואַססערשטאָף און זויערשטאָף האָבען גע־טהון איין אַרבייט און האָבען זיך אָנגעשטויססען צווישען איינ־אַנדער, און מערי האָט בעמערקט, דאָס דער בעשטאַנד־טהייל פון די טהיילכעלעך (מאָלעקולען) בייט זיך אום; זי האָט געזעהען, ווי עס ווערט ווענינער די צאָהל פון די טהיילכעלעך, וועלכע בעשטעהען פון איין וואַססערשטאָף אָדער פון איין זויער־שטאָף און עס ווערט וואָס מעהרער טהיילכעלעך, וועלכע בע־שטעהען פון וואַססערשטאָף און זויערשטאָף.

— דו זעהסט, — האָט וויימער גערעדט דער אַלטער, אָנ־ווייזענדיג איהר אויף דיעזע ערשיינונג, — אַרום דיר ווערט יעטצט געבילדעט וואַססער. פון וויטע אָרטער האָב איך צונויפגעזאַמ־מעלט אַהער דען וואַססערשטאָף און זויערשטאָף, וועלכע פער־איינינען זיך יעטצט (כעמיש) און גיעבען וואַססער.

די ערשיינונג איז פאָרגעקוממען זעהר געשווינד, און מערי האָט געזעהען, ווי די טהיילכעלעך (מאָלעקולען) וואַססער קלייבען זיך צונויף איינע מיט די אַנדערע און עס ווערען פון זיי

טראָפּפּענס. דיעזע טראָפּפּענס פּאַללען אַרונטער אין געשטאַלט פון הייססען רעגען, נור קוים ריהרען זיי זיך צו צו דער געברענ־טער אויבערפלאַכע, ווערען זיי ווידער פּערוואַנדעלט אין דאַמפּף, אונ איינינע צערפּאַללען זאָגאַר אויף וואַססערשטאָף אונ זויערשטאָף, וועלכע העבען זיך צוריק אַרויף אויבען... אונ דיעזע ערשיינונג ווידערהאָלט זיך (חזר'ט זיך איבער) אַ סך מאָל.

דער אַלטער האָט זיך אַרונטער געלאָזען אויף די אויבער־פלאַכע פון'ם פּלאַנעט, אונ ער איז אַריין אין זיין רינדע (קאָרע), מערי האָט דערזעהען, דאָס די טהיילכעלעך, פון וועלכע עס בעשטעהט דיעזע קאָרע, האָבען זיך זעהר שנעלל בעוועגט; נור זייער בעוועגונג איז לאַנגזאַמער געוואָרען, ווי נור אויף די אוי־בערפלאַכע איז געפּאַללען דער רעגען. דאָס פריילין האָט פּער־שטאַנען, דאָס די רינדע־אַטאָמען גיעבען איבער זייער בעוועגונג די וואַססער־אַטאָמען, וועלכע פאַנגען אָן אַזוי געשווינד צו בע־וועגען זיך, אַז זיי ענטלויפען איינער פון דעם אַנדערען...

אונ מערי האָט געזעהען, ווי עס האָבען זיך דער־נאָהענט די רינדע־טהיילכעלעך, ווי זי איז געוואָרען אַלץ דיקקער אונ פּעסטער, ווי די רינדע האָט אַלץ שטאַרקער אונ שטאַרקער אָנגעדריקקט אויפ'ן פייערדיגען אָקעאַן, וועלכע האָט געקאָכט אונטער איהר.

דער זיידע „צייט״ האָט זיך ווידער אויפגעהעבען צוזאַמ־מען מיט'ן פריילין אַרויף, אויבען. מערי האָט בעמערקט, דאָס די רינדע (קאָרע) האָט זיך שוין לאַנג אָבגעקיהלט, אונ אין אַ סך טיעפענישען איהרע האָט זיך אָנגעקליעבען וואַססער; סך'ן קליי־נע אָזיעראָס האָבען זיך בעוויזען דאָ אונ דאָרט אויף דער אויבער־פלאַכע פון'ם פּלאַנעט. געדיכטע חמאַרעס זיינען געהאַנגען איבער איהר; עס איז געגאַנגען אַ גוס רעגען. אונ פאַר מערי'ן אין די אויגען האָבען זיך געבילדעט קליינע אָזיעראָס, אונ זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון די ברעגעס, אונ זיי זיינען צוביסעלעך־וויין פערוואַנדעלט געוואָרען אין ברייטע ימים. דערנאָך איז די גאַנצע אויבערפלאַכע פון דער ערד פערשוואונדען געוואָרען אונטערין וואַססער, אונ דער ברייטער אָקעאַן האָט בעדעקט

כמעט דעם גאַנצען פּלאַנעט.

דער ווינד האָט פֿערנאַנדער געטריעבען די כמאַרעס, און די זוננענשטראַהלען האָבען זיך גענומען שפּיעגלען אויף דער אויבערפלאַכע פֿונ׳ם אָקעאַן. דאָס מאַרכען האָט זעהר פֿיעל פֿערגניגען געהאַט פֿון דעם גרויסאַרטיגען בילד, וואָס עס האָט זיך פֿאַר איהרע אויגען פֿערנאַנדערגעוואָרפֿען.

נור אָט האָט דערלאַנגט אַ טראַך! פֿון דער יַם־טיעפֿעניש האָבען זיך אויפֿגעהויבען מאַססען וואַססערדאַמפֿף. פֿון די וועללען (הוואַלים) האָט אַ בליטץ געטהון אויף איין אויגענבליק אַ צערשמאָלצענע מאַססע (לאַווא), עס האָבען זיך בעוויעזען פֿייער־דיגע צינגער. עס האָט זיך דערהערט אַ שרעקליכע הוזשריי, אָט האָט ווידער געגעבען אַ טראַך, נאָך איהם אַ צווייטער, אַ דריטטער...

און עס זיינען זיך צעגאַנגען די וועללען פֿונ׳ם אָקעאַן, די צערשמאָלצענע מאַססע פֿונ׳ם פּלאַנעט האָט גענומען קאָמפּפֿען מיט דער רינדע (קאָרע), וועלכע האָט זי צוגעדריקקט; זי האָט אונטער געהויבען דיעזע רינדע און איבער׳ן אָקעאַן האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ בערגיגע אינזעל.

און מערי האָט געזעהען, ווי דאָס אונטעראירדישע פֿייער האָט געמאַכט אין פֿיעלע אָרטער גרויססע און קליינע אינזעלן...

די זוננען־שטראַהלען האָבען בעגאָלדעט די שפּיטצען פֿון די פֿעלזענדיגע בערג און זיי האָבען זיך געשפּיעלט אויף די וועללען פֿונ׳ם אָקעאַן.

— זיידע, — האָט מערי געפֿראָגט, — צי דען קוממען פֿאַר אַזאָלכע מערקווירדיגע ערשיינונגען אַזוי געשווינד?

דער אַלטער האָט אַ שמייכעל געטהון.

— מיר האָבען זיך דאָ געפֿוננען איין מיליאָן פֿינף הונדערט טויזענד אירדישע יאָהרען, — האָט ער געזאָגט. — נור האָב קיין מורא ניט: פֿאַר דיר האָט יעטצט די צייט קיין ווערטה ניט!

ד

און ער האָט זיך ווידער ארונטער געלאָזען אונטען איז געפלויגען איבער'ן אָקעאַן.

פערפינסטערט האָבען די פעלזען־אינזלען אַראָב געקוקט אויפ'ן יַם; הויך האָבען די בערג אויפגעהויבען זייערע „קאָפּף" אַזש אין די ווייססע, גרויסע וואָלקענס אַריין. קיין איין זאַך האָט ניט בעלעבט דיעזע בערג און אינזלען; אומעטום האָט מען געזעהען שפּורען פונ'ם אונטעראירדישען פייער, וועלכעס האָט זיי אַרויסגערוקט פונ'ם גרונד פון אָקעאַן.

— זיידע, — האָט געפראָגט מערי, — וואו איז אָבער דיין אַרבייט? וואָס פערטיגסט דו אוים אויף דיעזען פּלאַנעט? אַזאָלכע אָהנליכע בילדער האָב איך דאָך געזעהען אויף דער ערד, נור איך האָב ניט געקאָנט געפינגען האָטש אַ שפּור פון דיין אַרבייט...

דו האָסט שלעכט געקוקט, — האָט געאָנטפערט דער אַלטער. — איך האָב ניט אומזאָנסט צונויפגעקליעבען פון דער גאַנצער וועלט פערשיעדענע אַטאָמען און האָב זיי גענאָטה צונויפצושטעללען זיך אין אַנ'אָנגעברענטע קוגעל; איך האָב ניט אומזאָנסט געצוואונגען דיעזע אַטאָמען איבער צוגעבען זייער בעוועגונג די אָטהער־אַטאָמען און האָב געהייססען דיעזע אַטאָמען פערנאַנדערצוטהיילען דיעזע בעוועגונג איבער דער גאַנצער וועלט; איך האָב ניט אומזאָנסט געהייססען די אַטאָמען, דאָס פון זיי זאָלל ווערען גרויססע שטיינער, גאַנצע אינזלען און קאָנטינענטען (פעסטלאַנד, מאַטעריק), און פון די רעגען־טראָפּענדלעך — גאַנצע אָקעאַנען, און יַמים, און לופט, וועלכע בעדעקקען דען גאַנצען פּלאַנעט... איך וועלל ווידער איבערשטעללען פיעלע אַטאָמען (טהיילכעלעך) און עס וועט אומגעאָנדערט ווערען דאָס געשטאַלט פונ'ם פּלאַנעט. קוק זיך גוט אַרום, אַרום זיך, און דו וועסט דערזעהען דיעזע איבערשטעללונג...

און מערי האָט דערזעהען, ווי די פייכטיגקייט, וועלכע דער ווינד האָט געבראַכט, ווערט איינגעזויגען פון די פעלזען און מאַכט זיי ווייך; די רעגען־טראָפּענס, אָנקלאַפּענדיג זיך אין גראַניט, רייסען אָב פון באַרג איין זאָמדעלע נאָכ׳ן אַנדערן; אַ שטראָם׳עלע וואַסער, אַ בלאָז פון אַ ווינד׳עלע חאַפּט אונטער די זייעס זאָמדעלע און טראָגט עס אַוועק ווייט — ווייט. און מערי זעהט, ווי דאָס רוישענדע טייכעלע טאָטשעט, וואַשט פערנאַנדער די פעלזען, און עס גליטשט זיך אַ זאָמדעלע נאָך אַ זאָמדעלע, און עס קלייבען זיך אַלץ מעהר און מעהר אָן אַזאָלכע זאָמדעלעך אין די פערשיעדענע שפּאַלטען פון פעלזענס אָדער ביי אַ פּאָדראָשווא (פוסס) פון אַ באַרג.

זי האָט אויך דערזעהען, דאָס יעדע וועללע, וועלכע זעטצט זיך אָב אָן דעם פעלזענדיגען ברעג, רייסט אויך אָב פון איהם אַ זאָמדעלע נאָך אַ זאָמדעלע...

און פאַר מערי׳ס אויגען ווערט דער שטיינערנער באָדען פון אָקעאַן פערטראָגען מיט זאַמד; דער זאַמד העבט אָן צו בעדעקקען אַללע זייטען פון די בערג...

און די שטראָמען רעגען, די טייכעלעך און די ים־וועללען טהוען דערווייל אַן׳אַנדער אַרבייט: דאָס וואַסער לעקט און זויגט אויס פון די פעלזען פערשיעדענע זאַלצען, וועלכע האָבען זיך דאָרט געבילדעט נאָך דאַן, ווען דער פּלאַנעט איז געווען אַ ברעננענדיגע קוגעל. יעדער טראָפּען וואַסער צערלאָזט אַביסעל זאַלץ, אַלץ מעהרער און מעהרער פערשיעדענע זאַלצען קוממען צו אין דעם ים־וואַסער, און פון זיסעס ווערט עס געזאַלצען. צום סוף. איז שוין דאָס מעער ניט אים שטאַנדע אויס צו זויגען דאָס זאַלץ פון די שטיינערנע פעלזען. זיין וואַסער האַלט אין זיך אַיין אַזוי פיעל זאַלץ, וויפיעל עס קאָן אַיינהאַלטען... און דאָס רעגען־און טייך־וואַסער, דערגרייכענדיג דען ים, ברייגנט אַהין אַלץ מעהרער און מעהרער פערשיעדענע זאַלצען.

און אָט העבען זיך אָן אָבצולעגען טיעף אונטער די וועללען נייע פּלאַטען (פּאַבען): דאָס זעטצען זיך אָב די זאַלצען

פֿונ'ם וואַססער אויף דעם זאַמדיגען אָדער שטיינערנעם גרונד. לאַנגזאַם וואַקסען די פלאַסטען, אָבער זייער וואוקס ווערט אויף איין מינוט ניט אויפֿגעהאָרט. מערי זעהט: דער גרונד פֿון ים ווערט בעדעקט דאָ מיט קאָבֿזאַלץ, דאָ מיט גיפּס אונ דאָ מיט פֿערשיעדענע אַנדערע זאַלצען... זי זעהט אויך, דאָס עס קוממען פֿאָר אַרום איהר אונבּקמערקט גרויסע איבערקעהרענישען, אונ אין יעדעם אַטאָם, וואָס בעוועגט זיך, זעהט זי אַנ'אַרויסברייננגער פֿון דיעזע גרויסע זאַכֿען.

„ניין, — טראַכֿט מערי, — איך זעה ניט אַרום זיך קיין מיש-מאַש: דאָס איז דאָס לעבען פֿון דער וועלט, וועלכֿעס האָט דען טיעפּסטען זינן אונ פֿיהרט צו גרויסע רעזולטאַטען.

אונ אַרום איהר שטעללען זיך די אַטאָמען אַלץ איבער אונ איבער אונ דער פֿון בייט זיך, אֶנדערט זיך אום דאָס פנים פֿון דעם גרויסען, ברייטען פלאַנעט. דער זיידע „צייט" קוקט אויף מערי, שמייכֿלענדיג, אונ ער טהוט זיך אונ שטופּט איין אַטאָם מיט דעם אַנדערן.

— זיידע, — שעפּטשעט מערי, איך פֿערשטעה שוין יעטצט, צו וואָס עס פֿיהרען דיעזע קלייניגקייטען; איך פֿערשטעה יעטצט, דאָס יעדער אַטאָם טהוט זיך זיין געוויסע אַרבייט ביים בעשאַפֿ-פֿען אַ נייע וועלט!...

---

## XI.

מערי האָט זיך אַלץ מעהרער אונ מעהרער פֿערטהון מיט איהר „רייזע"; פֿאַר איהר איז אַלץ קלאָרער געוואָרען דער טיע-פֿער זינן אונ די גרויסע בעדייטונג פֿון יענע, אויפֿ'ן קוק, דאַכֿט זיך, ניט וויכטיגע, ערשיינונגען, אויף וועלכֿע זי האָט זיך גענוג אָנעקוקט אויך אָהן דער הילף פֿונ'ם זיידע „צייט".

עס זיינען געפֿאַללען טראָפּפֿענס רעגען; עס האָבען געקעהרט מעשים די ווינדען; עס האָבען געשטורמט די יַם-חוואַליעס (וועל-לען); עס האָבען גערוישט די טייכֿעלעך; עס זיינען געשוואוממען

איבער׳ן הימעלסרויהם די וואָלקענס; דער ווינד האָט פֿערנאַנ־דער געטראָגען פֿייכטיגקייט איבער אַללע וועלט־טהיילען. די אַרבייט פֿונ ם אונטעראירדישען פֿייער האָט לאַנגזאַם אונטער גע־הויבען נייע בערג, האָט אַרויס גערוקט נייע אינזלען. צייטענ־ווייז האָט דאָס אונטער אירדישע פֿייער געגעבען צו וויסען פֿון זיך דורך פֿערניכֿטענדע ערדציטטערניסען. דאַמאַלס האָבען אַ ציטטער געטהון די פֿעלזען אונ די בערג, אונ זיי האָבען זיך פֿערנאַנדערגעשאָטטען אויף מיללי אָנען בראָקעלעך, אַנ׳אַנדערס מאָל האָט זיך די ערד־רינדע (קאָרע) דורכֿגעריססען אונ דורך איהר אָפֿנונג האָט זיך אויף די אויבערפֿלאָכֿע אַרויס געגאָססען אַ פֿייערדיגע, צערשמאָלצענע מאַססע (לאַוואַ), אונ זי האָט, אָבקיה־לענדיג זיך, פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ האַרטען פֿעלזען. דאָ אונ דאָרט האָבען פֿייערשפּייענדיגע בערג אַרויס געשאָטטען מאַססען אַש, אונ דער ווינד האָט זיי געטראָגען פֿאַר 1000־טער ווייאָרסט.

אונ גאַנצע אינזלען זיינען דורכֿגעוואַשען געוואָרען פֿאַר מערי׳ס אויגען אונ זיינען פֿערשוואונדען געוואָרען אין די חוואַ־ליעס (וועללען). דער באָדען פֿון דער ערד האָט זיך אין איין אָרט אָבגעזעטצט אונ אין אַנ׳אַנדערן האָט ער זיך אויפֿגעהויבען; דאָרט, וואו עס זיינען אַמאָל געוועזען גרויסע קאָנטינענטען, האָ־בען אָנגעפֿאַנגען צו שטורמען די אָקעאַן־חוואַליעס, אונ פֿון אָקעַ־אַן, פֿערקעהרט, זיינען אַרויסגעטראָטען נייע קאָנטינענטען... מערי האָט געזעהען, ווי יעדע סעקונדע ברייננגט מיט זיך מיט וועלכֿע עס איז פֿעראָנדערונגען...

— זיידע, — האָט מערי געזאָגט, צו דריקענדיג זיך צו איהר פֿיהרער, — איך העב אָן צו פֿערשטעהן, ווי ענג עס איז געבונדען אַלץ, וואָס דו טהוסט, איינס מיט׳ן אַנדערן. איך העב אָן צו פֿערשטעהן די גרויסע בעדייטונג פֿון די קלענסטע אַלטאָג־ליכֿע ערשיינונגען.

דער אַלטער האָט מעהר נישט געשמייכֿעלט. אונ מערי האָט אויף יעדען טריט געטראָפֿען אַטאָמען, וועלכֿע האָבען שטאָנדיג, אָבשטויסענדיג זיך, אומגעביטען זייער צונויפֿשטעללונג.

געשווינד האָבען געציטטערט די אַטאָמען פֿונ'ם נאָך וואַרמען ים, און פֿון דיעזער ציטטערניש האָט זיך דאָס אום געאֶנדערט די צו־זאַמענשטעללונג פֿון די אַטאָמען.

נור אָט האָט זיך דער זיידע „צייט" אָבגעשטעללט און האָט זיך אַניעדער געזעטצט אויף אַן'אַטאָם פֿון וואַססער.

— זיידע, — וואָס האָסט דו זיך אָבגעשטעללט? צי דענן האָסט דו זיך פֿערמאַטטערט?

מ ע ר י האָט זיך אַרום געקוקט און האָט דערזעהען אַרום זיך אַ מאַססע טהיילכֿעלעך, אין וועלכֿע עס האָט זיך געפֿונען קויהל. אַרום קויהל זיינען געווען פֿערנאַנדערגעלעגט אַנדערע מאַטעריאַלען: זויערשטאָף, שטיקקשטאָף, וואַססערשטאָף. דיעזע אַטאָמען האָבען זיך זעהר געשווינד בעוועגט און פֿאַר מ ע ר י'ס אויגען האָט זיך זייער צונויפֿשטעללונג געביטטען. די טהיילכֿעלעך זיינען געוועזען צום ערשטען געבויט זעהר איינפֿאַך. נור וואָס ווייטער, איז אַלץ מעהר קונציגער, שׂכֿל'דיגער געוואָרען זייער בוי, און צוזאַממען מיט דעם זיינען זיי אַלץ שוואַכֿער און שוואַכֿער געוואָרען...

און מ ע ר י זעהט, ווי אַרום איהר האָבען זיך געבילדעט טהיילען, וועלכֿע בייטען אום אָהן אויפֿהאָר זייער בעשטאַנד, שטאַנדיג געהען אַריין אין דאָס טהיילכֿעלע פֿערשיעדענע מאַטעריאַלען אָדער זיי געהען אַרויס פֿון איהם און בילדען אַנדערע טהיילכֿעלעך. דיעזע אומאָנדערונג פֿון דער צונויפֿשטעללונג האָט גענוממען פֿאָרקוממען פֿאַר מ ע ר י'ס אויגען אַזוי געשווינד, אַז ביי איהר האָט זיך פֿערדרעהט דער קאָפּף.

זי האָט פֿערשטאַנגען, אַז עס איז דאָ פֿאָרגעקוממען פֿאַר איהרע אויגען עפּיס אַזוינס, וואָס האָט זעהר אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם לעבען פֿון די גאַנצע וועלט. מ ע ר י האָט געזעהען, דאָס פֿאַר איהרע אויגען איז געוואָרען פֿון בעזונדערע טהיילכֿעלעך פֿון קויהלענשטאָף, וואַססערשטאָף, שטיקקשטאָף און פֿון נאָך אַנדערע שטאָפּפֿען אַזאַ מין צוזאַממענגעזעטצטער שטאָף, וואָס ווערט שטאַנדיג פֿערניכֿטעט און בילדעט זיך איבער דאָס ניי, וואָס איז, דאַכֿט זיך, ניט אַזוי פֿעסט און איז, אין דער אמת'ן זעהר

שטייף, פֿעסט... פֿון דיעזען שטאָף האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצער קאָם'עלע, וועלכער איז בעשטאַנדען פֿון אַ סך שײַבּ'ריג געבויטע טהיילכעלעך; פֿאַר מערי'ס אויגען איז דיעזער קאָמיק געוואָרען גראָססער, איז אויסגעוואַקסען און האָט זיך צערטהיילט אויף צוויי נייע קאָמיקעס, וועלכע האָבען זיך, ווידער, גענומען טהיילען אויף 2...

דער זיידע האָט אַלץ געשוויגען פֿאָרוואָרטס און פֿאָרוואָרטס. מערי האָט געזעהען, דאָס אין אַ סך אָרטער פֿונ'ם פּלאַנעט קוממט פֿאַר פּונקט אַזאַ אַרבייט. אַלץ מעהרער איז געוואָרען די צאָהל פֿון דיעזע אַללע משונה'דיגע טהיילכעלעך: זיי האָבען זיך צונויפֿגעזאַממעלט אין גרויסע מאַססען, אין קאָמיקעלעך, און עס איז מיט זיי בעזעטצט געוואָרען דער וואַרעמער אָקעאַן...

מערי האָט פֿערשטאַנען, אַז דער זיידע „צייט" האָט ניט גלאַט אַזוי אויסגעבויט אַזאָלכע צוזאַממענגעזעטצטע אָרגאַנישע (לעבענדיגע) טהיילכעלעך. זי האָט געטראָפֿען, אַז דער זיידע ווילל דאָ עפּיס מאַכען אַ וועלכען עס איז נייען „עסק".

---

# XII.

אונ פֿאַר מערי'ס אויגען האָט זיך בעוויזען אַ נייעס בילד.

עס האָבען אָבגעלעבט די פֿינסטערע אָברונדען פֿונ'ם ים. אַ שרעקקליך גרויסע צאָהל פֿון לעבענדיגע בעשאָפֿנישען האָבען זיך גענוממען ווימלען אין יעדען טראָפּעלע וואַססער, דאָס זיינען געווען זעהר איינפֿאַך געבויטע אָרגאַניזמען. איניגע פֿון זיי האָבען פֿאָרגעשטעללט אַנ'איינפֿאַכעס קאָמקעלע פֿון אַ פֿערקיהלטען דורכזיכטיגען שטאָף. די קאָמקעלעך האָבען ניט געהאַט קיין בעשטיממטע פֿאָרמע; זיי האָבען זיך דאָ צונויפֿגעקאָרטשעט, דאָ פֿערנאַנדערגעברייטעט, דאָ האָבען זיי אַרויס געלאָזען פֿון זיך קליינינקע צווייגעלעך און אויף אַזאַ־נ־אַרט האָבען זיי זיך בעוועגט. צייטענווייז, האָט זיך צום קאָמיק צו געקלעבט אַ וועלכעס עס

איז שטויבעלע, אונ דאָס מאַטעריאַל פֿון איהרע טהיילכֿעלעך איז געגאַנגען אויף צו בילדען די טהיילכֿעלעך פֿון דעם קאָמקעלע.

— דו זעהסט, — האָט געזאָגט דער זיידע „צייט": — דיעזעס וועזען קאָן ניט עקסעסטירען, וואו עס זאָלל זיך ניט שפּייזען; אונ עס מוז זיך שפּייזען, ווייל דאָס מאַטעריאַל פֿונ'ם שטויבעלע געהט ניט אַנדערש אַהין אַריין; אונ, שפּייזענדיג זיך, וועט דאָס קאָמקעלע וואַקסען, ביז עס וועט זיך ניט פֿערנאַנ־דער פֿאַללען אויף צווייען... איינס רופֿט ניט אַנדערש אַרויס דאָס צווייטע... איך דאַרף זיך ניט אַריינמישען אין דאָס לעבען פֿון יעדען וועזען... דאָס גאַנצע לעבען פֿון דער וועלט איז ביי מיר איינגעאָרדענט מיט אַנ'אונפֿעראֶנדערטע אָרדנונג. איך בעפּוטץ נור די עוויגקייט מיט פֿערשיעדענע ערשיינונגען.

אונ וואָס מעהר מ ע ר י האָט געקוקט, דעסטאָ שטאַרקער אונ שטאַרקער האָט אין איהר אַריינגעדרונגען דאָס געפֿיהל פֿון פֿערוואונדערונג צו דער אַרבייט פֿונ'ם זיידען. אונ עס האָבען זיך פֿאַר איהר אין די אויגען בעוועגט די קאָמקעלעך־וועזענס, געשפּייזט אונ פֿערנאַנדער פֿאַללענדיג אויף צווייען, האָבען זיי זיך פֿערמעהרט... אונ עס איז געוואָרען אַלץ מעהרער אונ מעהרער קאָמקעלעך...

נור אָט האָט מ ע ר י בעמערקט, דאָס אינגערליך, אין די קאָמקעלעך, האָט זיך עפּיס אויס געאַרבייטעט אַזאַ וועזען, וועל־כֿעס האָט זיך אַרויס געזויגען אויף די אויבערפֿלאֶכֿע אונ איז פֿערהאַרטעט געוואָרען... אַרום יעדען קאָמקעלע האָט זיך מיט אַמאָל בעוויעזען אַ הייטעלע אונ האָט מיט זיך אַרומגערינגעלט פֿון אַללע זייטען דען לעבענדיגען שטאָף. די קאָמקעלעך זיינען איבערגעוואַנדעלט געוואָרען אין צעללען, וועלכֿע האָבען זיך אויך בעוועגט, געשפּייזט אונ פֿערמעהרט.

מעהרער אונ מעהרער איז געוואָרען אַזוינע צעללען. יעָ־דעם טראָפּען וואַססער האָט פֿאָרגעשטעללט נייע בילדער פֿון לעבען אונ בעוועגונג. אומעטום קאָכֿען שוין לעבענדיגע קאֶר־פּערס. די וועללען וואַרפֿען זיי אַרויס אויפֿ'ן ברעג. דער ווינד, צוזאַממען מיט די בריזגעס (שפּריטצען), האַפּט זיי אונטער אונ

טראָגט זיי פֿערנאַנדער איבער דער גאַנצער אויבערפֿלאֶכֿע פֿון דעם פּלאַנעט. יעדע לוזשע וואַססער האָט זיך בעזעטצט מיט אַ בעזונדערע וועלטעלע פֿון טהיערען און געוואֶכּסע.

עס האָבען זיך דאָרט גענומטען ווימטעלן וועזענס און האָבען אָנגעהויבען צו פֿרעססען איינס דאָס אַנדערע. מערי האָט געזעהען, ווי דאָס קלענסטע יַם־גראָז האָט אַרום געוויקקעלט מיט זיך אינפֿוזאָרען (קליינע לעבענדיגע וועזענס) און האָט זיי געפֿרעססען; און איין רייהע האָבען זיך די אינפֿוזאָרען געשפּייזט מיט דעם שטאָף פֿון דאָס ים־גראָז...

לאַנג האָט געשוועבט דער זיידע „צייט״ איבער דעם פּלאַנעט, און מערי האָט בעגעגענט אַלץ איין און דאָס זעלביגע בילד. נור אָט האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעגעגנען איהר אַ זאַלכֿע וועזענס, וועלכֿע בעשטעהען פֿון צוויי צעללען.

אָט האָט זי בעגעגענט גאַנצע קנוילען פֿון צעללען; יעדע צעללע האָט געלעבט, ווי פֿריהער; זי האָט זיך געשפּייזט און פֿערמעהרט גאַנץ אַלליין פֿאַר זיך, נור זיי זיינען אַללע געווען צונויפֿגעקלעבט, פֿעראייניגט צווישען זיך. מערי האָט געזעהען, דאָס די צעללען געהען אַלץ צו ענגער און שטייפֿער איינע צו דער אַנדערער, זיי דריקען אָן איינע אויף די אַנדערע. אייניגע האָבען זיך צונויפֿגעשטעלט אין פּלאַטטען, אַנדערע האָבען זיך אויסגעצויגען אין ראָהרעלעך, דריטטע האָבען בעקומטען דאָס געשטאַלט פֿון שטערנדלאַך...

טויזענדער מילליאָנען פֿון וואונדערליך געבויטע פּפֿלאַנצען און טהיערען האָבען אַלץ מעהרער און מעהרער בעזעצט דען גרויסען און ברייטען פּלאַנעט. דאָס ים־גראָז האָט זיך אָנגעקליעבען ביי די פֿעלזען; די וועללען האָבען עס אַרום געוואָרפֿען ווייט אויפֿ'ן ברעג. דאָס פֿריילין האָט געזעהען, ווי גאַנצע מילליאָנען חיה'לעך פֿון דאָס ים־גראָז ווערען אוים געהרג'ט פֿון די שטראַהלען פֿון דער זונן, און אַ סך אַנדערע היטטען זיך איין פֿון דער היטץ און טריקקעניש, ווייל די הייטעלעך פֿון זייערע צעללען זיינען פֿעסטער און דיקקער... אָט האָבען זיך אָנגעפֿעסטיגט אויף אַ גראַניט־פֿעלזען צוויי געוואֶכּסע, זעהר

אָהנליכע איינם אויף דאָס אַנדערע. מ ע ר י האָט בעמערקט, דאָס ביי איינעם פֿון זיי זיינען די היטעלעך פֿון די צעללען אַ סך דיקקער, ווי ביי דעם אַנדערען.

— ווירע, — האָט מ ע ר י געפֿראָגט, — פֿאַר וואָס האָסט דו געשטעלט אַזוי פֿיעל מיהע צו מאַכען דאָס היטעלע פֿון די צעללען ביי דעם ים-גראָז פֿעטטער, דיקקער, ווי ביי יענעם?

— דאָ איז די מיהע ניט פֿערלאָרען געגאַנגען אומזאָנסט, — האָט געאַנטפֿערט דער אַלטער. — דיזע פּפֿלאַנצע וועט ניט שטאַרבען אונטער די ברענענדע שטראַהלען און וועט לאַנג בליהען אויף דער שטיינערנער ערד אָדער אונטער'ן וואַססער. און ניט נור זי אַלליין, זאָנדערן אויך דער קינפֿטיגער דור איהרער, אויב נור ער וועט אויך זיין פּונקט אַזוי געבויט בעקוועם, וועט נעהמען בליהען אויף דיזעם אָרט. עס קאָן זיין, פֿערוואָרפֿערנערהייט, נאָך ווייטער אויף דער יבשה, וועט זי אויך דאָרט בליהען... אָבער די עדעלע פּפֿלאַנצע דאַרף אָדער לעבען נור אונטער'ן וואַססער, אָדער זי מוז שטאַרבען... און מיט די אַנדערע פֿון איהר גלייכען וועט אויך זיין דאָס אייגענע...

און מ ע ר י זעהט, אַז דעם ווירענס וואָרטער זיינען מקוים געוואָרען. עס איז אַוועק געשטאָרבען דאָס עדעלע און אונבעקוועם געבויטע געוואָכס, און זיין שבן האָט טאַקע געלעבט ווייטער און ווייטער, און אין גיעבען זיינען די דורות, די אָהנליכע צו איהם, בעזעטצט געוואָרען אויפֿ'ן גאַנצען ברעג פֿונ'ם ים. פֿון זיי האָבען זיך געפֿונען נאָך מעהר פֿעסטיגערע געוואָכסע, שטייפֿער געבויטע, וועלכע האָבען זיך פֿערשלעפּט ווייט אויף דער יבשה.

און פֿאַר מ ע ר י'ס אויגען בליהט דאָס לעבען אויפֿ'ן פּלאַנעט, פּונקט אַזוי ווי אַ פּראַכטפֿאָללעס בלימעלע. גאַנצע וועלדער פֿון זעע-גראָז בעדעקקען דען גרונד פֿון אָקעאַן. פלויגען (לאָוועספיסע, באָרלאַפּפּעס) שאַכטעלהאַלמען (חוואָשצי) און מאָכען (מאָסען) 1) בעקליידען די פֿעלזענס אין די זאַמדיגע ערד.

1) אַזוינע געוואָכסע.

די קאָראַללען־פּאָליפּען אַרבייטען, בויענדיג, גאַנצע אינזלען.

צווישען די וואָלדער פון די ים־פּפלאנצען און די קאָראַללען שווימען אום אָהנצאָהליגע סטאַדעס פון פיש. מילליאָנען וואונדערשאָנע מושעלן (ראַקאָווינעס) זיינען פערגאַנדערגעוואָרפען איבער די ברעגען און איבער'ן גרונד פון אָקעאַן.

די אונפּרוכטבאַרע פעלזען פון די אינזלען און קאָנטינענטען (מאַטעריקעס) ווערען פערשוואונדען אונטער'ן גרינעם דעקקטוך פון די פפלאַנצען. די פּראַכטפאָללע פאַרנקרייטער (פּאַפּאָראָטניקעס) הייבען שטאָלץ אויף זייערע קאָפּ צום בלויען לויטערן הימעל. ביי די ברעגען פון'ם טייך קריעכען אום גרויסע יאַשצעריצעס, איבערלאָזענדיג אויפ'ן זאַמד טיעפע שליאַכען. גיגאַנטישע (ריעזיגע) שילדקראָטען (טשערעפּאַכערס) ליעגען, וואַרמענדיג זיך אויף דער זונן. צייטענווייז לאָזט זיך הערען אין דער לופט אַ שווערע פאַטשעריי, פון די פליעגלען פון פליעהענדיגע יאַשצעריצעס. וואונדערליכע פלעזיאָסאַוורען, מיט לאַנגע האַלזער און גרויסע שניוקען, האַקקען מיט כח פערנאַנדער די וועללען פון אָקעאַן. גוט בעוואָפענטע איטהיאָזאַוורען שטעקקען אַרויס פון די וועללען דאָ אַהין, דאָ אַהער זייערע קראָקאָדילאָהנליכע קאָפּ.

און אונטער די דונקעלע געוואָלבען פון'ם וואַלד ווימעלן זיך גאַנצע מילליאָנען לעבענדיגע ווענענס. וואָרים גראָבען זיך אין דער ערד, די פליעגעלעך זשוזשען אין דער לופט. די שלאַנגען קריכען איבער דער פייכטער ערד, וועלכע איז בעדעקט מיט שוועמלעך... אויפ'ן ברעג טייך ליעגט אַ גיגאַנטישעס דינאָטעריום — אַ גרויסעס טהיער מיט אַ ריססעל (חאָבאָט), ווי ביי אַנ'עלעפאַנט. מערי זעהט סטאַדעס פון גרויסע מאַמאָנטען לעגען זיך דורך די פראַכטפאָללע פלאָר (געוואָכסע).

דאָס פריילין קאָן די אויגען ניט אָברייסען פון דיעזע גיגאַנטען (ריעזען) פון דער אור־וועלט, וואָס שווינגען דאָ פאַר איהר. און דער זיידע „צייט" שוועבט פאָרוואָרטס און פאָרוואָרטס...

---

# XIII.

נור אָט האָט ער זיך עפּעס מיט אַ מאָל אָבגעשטעללט.
מערי האָט זיך אַרום געקוקט אום זיך, אונ מיט פֿערוואונ־דערונג האָט זי בעמערקט, דאָס די טהיילכֿעלעך האָבען אויפֿ־געהערט צו זיין זיכֿטבאַר: ווי זיי וואָלטען עפּעס גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזען.

— זיידע, האָט זי געפֿראָגט, — מיר האָבען געוויס גע־מוזט יעטצט אויסוואַקסען?

— יאָ, — האָט ער געאָנטפֿערט. — יעטצט ווייסט דו שוין, פֿון וועלכֿען מאַטעריאַל איך בוי דאָס וועלטגעביידע. וואָס דו זאָללסט ניט זעהען, וואו דו וועסט ניט זיין — ניט פֿערגעסס וועגען איהם. געדענק, אַז אין דער טיעפֿעניש פֿון אַללע ער־שיינונגען אַרבייטען מיינע קליינינקע אַרבייטערינען — די אַטאָמען, וועלכֿע בעוועגען זיך, אָנדערן אום זייער צונויפֿשטעלונג, לעגען זיך פֿערנאַנדער מיט אַללערליי מיטטלען.

אומקוקענדיג זיך אַרום, האָט מערי פֿערשטאַנען, אַז זיי געפֿיננען זיך אין אַ צעללע פֿון עפּעס אַ געוואָקס; דיעזע צעללע האָט זיך איהר אויסגעזעהען גרויס, ווי דאָס צימער. אונ דער זיידע „צייט" האָט ווידער גענוממען מערי'ן פֿאַר אַ האַנד אונ האָט זי געפֿיהרט פֿון איין צעללע אויף די אַנדערע. לאַנג זיינען זיי אַזוי אום געגאַנגען; זיי האָבען זיך אַראָבגעלאָזען איבער ברייטע געפֿעס־ראָהרען צום וואורצעל אונ זיי האָבען זיך, צו־זאַממען מיט'ן זאַפֿט, אויפֿגעהויבען איבער'ן שטאָנגעלע אַרויף, פֿונ'ם געוואָכס, אין די בלאָטטער, אונ זיי זיינען אַרויס דורך די „מיילכֿעלעך" אויף דרויסען; פֿון איין געוואָכס זיינען זיי אַרויס אין אַנ'אַנדערעס, אונ אומעטום האָט מערי בעגעגענט צעללען פֿון פֿערשיעדענע פֿאָרמען. אייניגע צעללען זיינען געוועזען זעהר אויסגעצויגען, אונ זיי זיינען געווען אָהנליך אויף לאַנגע אָפּענע ראָהרלעך, איבער וועלכֿע עס האָט זיך בעוועגט דער זאַפֿט,

אַנדערע זיינען געווען אַיינגעפּלאַטשטע און אַזוי ווייטער.

יעדע צעללע האָט געטהון איהר אַרבייט. אין די צעללען האָט זיך אויסגעאַרבייטעט מאַטעריאַל אויף צו בויען אַנדערע; די אַנדערע האָבען מעהר נישט געטהון, ווי אַריינגעזויגט דאָס וואַסער, וועלכעס האָט זיך אויפגעהויבען אין דער הויך, אַרויף; די דריטטע האָבען געדינ.ט, צו ליעב זייערע דיקע וואָנדטלעך, אויף אונטערצוהאַלטען דאָס גאַנצע געוואָכס, די פיערטע צעללען האָבען אַריינגעשלונגען שפּייז פון דער לופט...

און אַללע צעללען זיינען געווען אַזוי פערנאַנדערגעלעגט, אַז זיי האָבען צונויפגעשטעללט אַ שאָנעס געוואָכס.

און מערי האָט געזעהען, דאָס אין דיעזע שאָנע, גרינע פאַרנקרייטער (פּאַפּאָראָטניקעס), מיט וועלכע זי האָט זיך פריהער מעהר נישט געשפּיעגעלט, קאָכט דאָס לעבען, ווי אַ גזלן, ניט אויפהאָרענדיג חאָטש אויף איין סעקונדע; דאָס ביי יעדען געוואָכסע איז זיך דאָ זיינע בעדירפניש'ע, זיינע נאָטהען, און זיי אַללע פאָרדערן בעפריעדיגונג...

און דער אַלטער האָט דערווייל אַריבערגעטראָגען געשווינד מערי'ן פון דער צעללע פון'ם פּאַפּאָראָטניק (פאַרנקרויט) אין אַ נעסט עפּעס פון אַ פויגעל. דאָרטען, אויף דריי אייערלעך, איז געזעססען די „זי". דורך אַ קליינעם לאָכעלע אינ'ם שאָלעכטס זיינען זיי אַריין אינעווייניג, אין איי. דורכשפּאַרענדיג זיך דורך אַ פאַך פון ווייסעל, האָט מערי מיט פערוואונדערונג דערזעהען פאַר זיך אַ גאַנצע מאַססע פון אַללערליי צעללען.

— זיידע, — וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט זי געפראָגט,— דאָ זעה איך אויך צעללען, זעהר אָהנליכע צו די צעללען פון די געוואָכסע.

— יאָ, — האָט געאָנטפערט דער אַלטער, דאָ זיינען אויך דאָ צעללען, און פון זיי בעשטעהט דאָס עמבריא (פרוכט, קיים) פון יעדעם טהיער.

מערי האָט דערזעהען, דאָס די צעללען זיינען זעהר שוואַך צונויפגעפעסטיגט, נור וואָס ווייטער זי האָט געוואַנדערט צווישען זיי, דעסטאָ ענגער און ענגער איז געוואָרען צו געהן: די

צעללען האָבען זיך צונויפגעפרעסט אונ האָבען אָנגעדריקט איינע אויף די אַנדערע. זייער פאָרם האָט זיך פון דעם אַלץ מעהרער אונ מעהרער אום געאָנדערט. די צעללען האָבען זיך פעראייניגט אין פלאַטטען, האָבען זיך אויסגעצויגען, ווי פאָדים, וועלכע זיינען פערנאַנדער געוואַקסען געוואָרען אין אַללע קאַנטען אונ האָבען זיך איבער געבונדען צווישען זיך אין אַ דיקען שטאָף (געוועב). מ ע ר י האָט מיט פערוואונדערונג געזעהען ווי איין גרופפע צעללען, ביסלעכווייז פעראָנדערנדיג זיך, האָט געבילדעט מאַרך, אַ צווייטע גרופפע צעללען האָט געבילדעט דאָס האַרץ, אַ דריטטע — דען מאָגען, די לונגען אונ ז. וו....

אונ פאַר מ ע ר י'ס אויגען איז אַרוים געגאַנגען פון אַנ' אָהנפאָרמיגע גרופפע פון צעללען אַ פיין-פאָגעלע, אין וועלכען עס האָט געקאָכט אונ געזאָטטען דאָס לעבען: עס האָט געקלאַפפט דאָס האַרץ. עס האָבען זיך בעוועגט שטראָמען בלוט אין די אָדערן, עס האָבען אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען די נערווען אונ ברייַנגען אין בעוועגונג די מוסקולען (פלייש). אונ מ ע ר י האָט ניט בעמערקט, ווי צוזאַממען מיט דעם פאָגעלע איז זי אַרוים פונ'ם איי.

אומקוקענדיג זיך אַרום, האָט מ ע ר י דערזעהען, אַז דאָס רוב צעללען האָט זיך אַזוי ווייט אום געאָנדערט, אַז מען האָט זיי באַלד, כמעט ניט געקאָנט רעכנען פאַר צעללען...

דער זיידע „צייט“ האָט זי לאַנג אַרום געפיהרט איבער'ן אָרגאַניזמוס (קערפער), אונ מ ע ר י האָט געזעהען, ווי געוויססע צעללען שטאַרבען אַוועק, אונ אויף זייער אָרט בעווייזען זיך אַנ-דערע, ווי די צעללען לאָזען אַרוים פון זיך זאַפטען, אונ אַנ-דערע צעללען שפייזען זיך מיט זיי... יעדע צעללע האָט געטהון איהר אַרבייט, אונ אַללע צעללען זיינען געוועזען אַזוי פערנאַנדער-געלעגט, אַז פון זיי האָט זיך צונויפגעשטעללט אַ שאָנעס טהיער... זי האָט פערשטאַנדען, דאָס, אויסער'ן זעלבסטבאַרען לעבען אונ אַרבייט פון די טהיערען אונ פפלאַנצען, איז נאָך בעהאַלטען אַנ' אונזיכטבאַרעס לעבען אונ אַרבייט אין די צעללען, אונ וואָס מעהר דער זיידע „צייט“ האָט זי אַרום געפיהרט צווישען די

צעללען פֿון פּלעזיאָסאַוורען אונ מאַמאָנטען, פּאַפּאַראָטניקעס אונ שוועממלעך, — איז אַלץ פֿערשטאָנדליכער געוואָרען פֿאַר איהר דאָס לעבען...

צייטענוויי: האָט זי בעמערקט, דאָס איינינע צעללען הערען אויף צו אַרבייטען אונ שטאָרען דאָס ריכטיגע לעבען פֿון די אַנדערע; יענע, ווידער, טהוען אויך די זעלביגע זאַך. דאַמאַלס האָט מערי געזעהען, דאָס די טהעטיגקייט פֿונ'ם אָרגאַניזמוס האַלט ביים פֿאַללען, אַז דער טוידט דערנאָהענטערט זיך צו איהם...

אונ פֿאַר מערי'ס אויגען זיינען געשטאָרבען אַ סך טהיערען. איינע זיינען געשטאָרבען פֿון דעם, ווייל עס האָט געפֿעהלט שפּייז, אַנדערע — פֿון קאָלט אָדער פֿון היטץ, דריטטע זיינען געוואָרען קרבנות (אָפּפֿערן) פֿון די קלענסטע פּאַראַזיטען, וועלכע האָבען אַרויס געזויגען פֿון זיי די זאַפֿטען, אונ האָבען געשטאָרט זייערע צעללען צו לעבען; פֿיערטע זיינען געשטאָרבען פֿון אַלטקייט אונ קראַנקהייטען. אונ אין דיעזע אַללע צופֿאָללען האָט דאָס מאָרכען געזעהען, אַז עס ווערט צערשטאָרט דאָס לעבען פֿון די אונבעמערקטע אַרבייטערינען — די צעללען...

אונ מערי האָט אויסגעצייכענט פֿערשטאַנגען, דאָס, כּדי צו לעבען, מוזען זיין אַללע נאָטהיגע בערערפֿנישע, אונ אויב זיי וועללען ניט זיין, וועט זיך דער אָרגאַניזמוס געזעגנען מיט'ן לעבען...

---

## XIV.

פּלוצלינג זיינען די צעללען, אונ די טהיערען, אונ די פּפֿלאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען. די ערד קוגעל איז געשווינד אַוועק געגאַנגען פֿון אונטער די פֿיסס פֿון מערי'ן, אונ זי האָט זיך ווידער געפֿונגען אינ'ם לופֿט־פּלאַטץ. די גרויסע ערדקוגעל, בעלויכטען פֿון דער זונן, האָט זיך געזעהען טיעף, אונטער איהר. דאָס פֿריילין האָט אַ קוק געטהון אונטען, אויף אַראָב...

דאָרטען האָבען געבלישטשעט די קאָנטינענטען, עס האָבען געבליט די אָקעאַנען... אָט האָט זי דערזעהען אויף דער קוגעל: ציען, אַפריקאַ און אייראָפּאַ... אָט האָט זיך אַמעריקאַ אויפגעוויבען פון׳ם אָקעאַן און האָט זיך אויסגעצויגען פון איין פּאָל ביז׳ן אַנדערן. אָט האָט דער אַלטער, ברייטער, גרויסער קאָנטינענט, אָבזעטצענדיג זיך און אַראָבזעטצענדיג זיך אין די חוואַליעס (וועללען) פון׳ם אָקעאַן, בעקוממען די אויסצייכונגען פון אויסטראַליען... ביי די פּאָלען האָבען גענוממען בלישטשען די שנעען און אייז...

דער ווידע „צייט“ האָט גיעך געשוועבט צו דער ערד, און פאַר די אויגען פון דעם פרייליין האָט זיך פערנאַנדער געוויקעלט אַ נייעס בילד.

פּראַכטפאָללע פּאַלמען האָבען אויפגעהויבען זייערע שפּיטצען צום הימעל. שאָנע ליאַנען האָבען זיך אַרום געבונדען אַרום די שטאָנגעלעך, בילדענדיג גרינע ס׳עטקעס. אין דעם הערליכען ים פון גרינס האָבען זיך געבאָרען גאַנצע הערדען (סטאַדעס) פון אַפּען (אָבעזיאַנעס). גרינע און גרויע פּאַפּאַגייען זיינען אַרום געפלויגען פון איין צווייג אויפ׳ן אַנדערן. מיליאָנען פערשיעדענאַרטיגע שטיממען (קולות) האָבען זיך געלאָזט הערען פון אַללע זייטען, און זיי האָבען זיך צומישט מיט׳ן גערויש פון די בוימער... די בעגאָלדעטע זוננענשטראַהלען האָבען זיך געשפּיעלט אויף דאָס גרינס, האָבען געברעננט אין די שטראָמעלעך פון׳ם רוטשיי, זיי האָבען זיך איבערגעגאָססען מיט רעגענבויגען-קאָליערען אין די טראָפּפּעלעך פון׳ם טהוי... פון אונטער די גרינע געוועלבען האָט זיך אַנ׳אַנדערסמאָל געהערט דאָס סאָפּען פון אַ שלאַנג; דאָרט, גנבה׳נענדיג זיך, איז דורכגעקראָכען שטיללערהייט אַ ווילדע קאַטץ און אונטער די בלעטער, וואָס זיינען געהאַנגען איבער׳ן טייך, האָט זיך געזעהען דער גרויססער שניוק פון אַ קראָקאָדיל...

אָט האָט זי דערזעהען דורך דאָס גרינסדען גראַציאָזען (שאָנען) קאָפּף פון דער גאַזעל. אַ טהיער האָט מיט דורשט, איינבויגענדיג זיך איבער׳ן טייך, אַריינגעצויגען אין זיך קאַלטעס

וואַססער, אונ פון הינטער'ן קוסט (שטרויך) פון אַנ'אַקאַציע האָ=
בען געקוקט אויף איהר פייערדיגע, אָנגעגאָססען מיט בלוט, אוי=
גען פון אַ טיגער. מיט אַ גרויסען שפרונג וואַרפט זיך דער רויבער
אַרויף אויף די גאַזעל. זיינע צאָהנער זויגען זיך איין אין האַלז
פונ'ם קרבן. די נאָגעל צעררייסען זיין פלייש. אויפ'ן גראָז גיעס=
סען זיך רויטהע שטראָמען פון בלוט, אונ אַ גאַנצע מחנה פון
פליעגען אונ זשוקעס איילען אָנצופראָססען זיך מיט די איבער=
געבליעבענע שטיקקלאַך פונ'ם טיגער'ס מיטטאָג...

מערי האָט מיט שרעק געקוקט אויף דיעזעס בילד פון
בלוטפערגיעססונג אונ טוידט. אונ וואָס מעהר אַרום האָט גע=
קאָכט דאָס לעבען, עס האָבען געזונגען די פויגעלעך, עס האָט
גערוישט דער וואַלד, — איז דאָס שווערער געוועזן דעם פריילין
צו זעהען, ווי דער גרויססער רויבער האָט צעררייססען דעם קאָר=
פער פון זיין קרבן אונ האָט געטרונקען זיין בלוט...

— זיידע, — האָט זי געפרעגט, — צו וואָס איז דיעזע ער=
מאָרדונג, צו וואָס איז דיעזעס בלוט? צו דענן איז עס נאָטהיג?
צי דענן האָסט דו ניט געקאָנט מאַכען אַנדערש?

דער אַלטער האָט געשוויעגען. ער האָט אַ שפרונג געטהון,
צוזאַממען מיט מערי'ן, אויף אַ שאָנינקען שמעטטערלינג אונ
זיי האָבען געשוועבט איבער'ן וואַלד אונ איבער די לאָנקעס:

אונ אַ סך בילדער פון טוידט אונ פערניכטונג האָט מערי
דערזעהען. אָט האָבען די פיעלפאַרביגע בוימקלעטערער געחאַפּט
אונ אויפ'געפרעססען פערשיעדענע אינזעקטען. ווילדע קאָטץ האָ=
בען זיך בעהאַלטען אין די צווייגען פונ'ם גרויססען בוים באַאָבאַב,
אויסהיטטענ־יג די אַפפען. די פאַלמען=קוניצעס (מאַרדערס) האָ=
בען געחאַפּט מייז. די פעליקאַנען (קראָפּגאָנז) זיינען אונבעוועג=
ליך געשטאַננען איבער'ן וואַססער, אויסהיטטענדיג די פיש. די
זשאַבעס (פראָש) האָבען אָנגעווענדעט אַללע זייערע קראָפטען צו
חאַפּען אַ פליעגעלע אָדער אַ וואָרים'על. גלאָנצענדע ביענען האָ=
בען אויפגעפרעססען קאָמאַרען (מיקקען). מערי זעהט, ווי גאַנ=
צע חילות פון מוראַשקעס (אַמייזען), טערמיטען (גראָזהיפּפער),
זשוקעס — בית עולם'ניקעס אונ וואָרים ווימטעלן זיך, פרעס=

סענדיג עפּעס אַ פאַדלע זאַך ... מיללי‌אָנען פערשיעדענ־
אַרטיגע טהיערען פערניכטען גרויסע מאַססען פון געוואַכסע. אָט
פיטטערן זיך ווילדע אָקסען; עס גנבה'ט זיך דורך אין געדיכטען
וואַלד'על אַ גראַציאָזער הירש, וועזויערקעס קנאַקען ניס; ווילדע
האָהנדעלעך פּיקקען זוימען, קאָרנער ... אַ סך בלומען און אינ־
זעקטען שטאַרבען אונטער די שווערע פיסס פון דעם נאָסאָראָג
(נאָזהאָרן). אַריינקלייבענדיג זיך אין די געדיכטקייט פון'ם וואַלד,
דריקט אָן דער גרויסער העלפאַנט צייטענווייז די אונפאָרזיכטיגע
זשאַבע אָדער יאַשטשערקע ...

דער שמעטטערלינג, אויף וועלכען מערי איז געזעססען,
האָט זיך אַניעדער געזעטצט אויף אַ שאָנעם בלימעלע פון דער
ליאַנע. מערי האָט דערזעהען פונקט פאָר זיך, אויף דער
גרויער רינדע פון'ם בוים אַ שאָנעם גרינעם זשוק, וועלכער האָט
געגלאָנצט אויף דער זונן ... אין איין רייהע מיט איהם, קוים
צו בעמערקען, האָט זיך אַרום געפיהרט אַ גרויליך־ברוינער זשוק —
אַ האָלצהאַקקער. צו קוקענדיג זיך, האָט מערי דערזעהען
אַרום איהן אַנ'אַנדערן גאַנץ גרויען האָלצהאַקקער; דער קאָליער
פון דיעזען לעטצטען האָלצהאַקקער איז געוועזען אַזוי אָהנליך אויפ'ן
קאָליער פון דער רינדע (קאָרע), אַז מערי האָט איהן קוים,
קוים געקאָנט בעמערקען ...

נור אָט איז פון צווישען די בוימער אַרויס געפלויגען אַ
שאָנער, ווייססער קאַקאַדו ... ער האָט פון וויימען בעמערקט
דען גרינעם זשוק, און די קליינינקע בעשאָפעניש איז פערשוואונ־
דען געוואָרען אינ'ם שנאָבעל פון דעם פאָגעל.

דו זעהסט, — האָט געזאָגט דער זיידע „צייט": — עס איז
גאָר ניט גוט די גרינע זשוקעס צו זיטצען אויף דער גרויער קאָרע
(רינדע).

און אין דער זעלבער צייט איז אַראָב געפלויגען פון'ם בוים,
וואו עס האָבען געאַרבייטעט די „האָלצהאָקקער", אַ גרינער דיאַ־
טעל (שפּעכט). ער האָט געשווינד בעמערקט דען ברוינעם האָלצ־
האַקקער, און יענער האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו בעהאַלטען זיך
אינ'ם שפּאַלט פון דער קאָרע, אַז דער שפּעכט האָט איהן שוין

אָנגעחאַפּט מיט זיין שנאָבעל...

און דער גרויער האָלצהאַקקער א'ז שוין דאַמאַלס געווען ווייט, ער האָט זיך שוין ניט געהאַט וואָס צו שרעקקען...

מ ע ר י האָט ניט פֿערשטאַננען, וואָצו דער זיידע „צייט" בעוויזט איהר אַזאָלכע אַלטאָגליכע ערשיינונגען.

— דו מיינסט, דאָס איז אַ קליינינגקייט? — האָט זי געזאָגט דער אַלטער. — ניין, פֿאַר דיר האָט דאָ פּאַססירט אַ זעהר וויכטיגע ערשיינונג. ניט איין זשוק, נור גאַנצע מילליאָנען זשוקעס זיינען אויף אַזאַ־נ־אַרט פֿערלאָרען געגאַנגען, אַללעמען האָט זיי אַוועק גע'פּטר'ט דער רויטהליכער קאָליער פֿון זייערע אויבערשטע פֿליגלען... אַללע מאָל, און אַללע צייטען, זיינען ברוינע האָלצהאָקקער געפֿאַללען מעהרער, ווי זייערע גראָע און־בעמערקטע חברים... און דעריבער ווערט מיט יעדעם יאָהר, לאַנגזאַם אפילו, נור שטאָנדיג, קלענער זייער צאָהל. און אַזאָלכע צופֿאָללע וועללען זיך איבער־חזר'ן מילליאָנען מאָל, און עס וועללען פֿערשוואונדען ווערען פֿון דער ערד די ברוינע האָלצ־האָקקער, און עס וועללען בלייבען נור די גרויע אַלליין... און די מענשען וועללען זאָגען, דאָס די ברוינע האָלצהאָקקער זיינען געוואָרען גרוי. ניין, — האָט ווייטער גערעדט דער אַלטער, — דאָס איז קיין קליינינגקייט; עס וועללען זיך אָנקלייבען אַ סך אָט דיעזע „קליינינגקיטען", און אַ געוואַלטיגער אָבגרונד וועט זיך לעגען צווישען די אָלטערן און די יורשים... אַללע מאָל וועט לעבען נור יענער, ווער עס איז בעססער און בעקוועמער געבויט... אַזוי אָנדערן זיך אום צום בעססערן אַלע חיות, אַללע געוואָכסע אויף דער גאַנצער ערד.

און אַרום האָט דאָס לעבען געקאָכט, ווי אין אַ „קעססעל" און דאָס לעבענס בילד האָט פֿערדונקעלט אין מ ע ר י'ס קאָפּעלע דאָס בילד פֿון שטרייט, קאַמפּף און טוידט. עס האָבען געזונגען די פֿאָגעלעך, עס האָט גערוישט דער וואַלד, צייטענווייז האָבען זיך געהאָרט דיווילדע געשרייען פֿונ'ם טיגער; און דיעזעס גע־זאַנג פֿון די פֿאָגלען, דאָס ברומען פֿון די רויבער, די שאַרפֿע, שניידענדע געשרייען פֿון די אַפּפֿען, דאָס גערוי'ש פֿון די בלאָטטער,

דאָס זשווּשען פֿון די אינזעקטען האָבען זיך גע...ערט אין איין אַללגעמיינער מאָנאָטאָנער שטיממע. אונ מערי'ן האָט זיך געדאַכט, דאָס אַללע לעבענדיגע בעשאַפֿענישע זינגען אַרום איהר איין ליעדעלע פֿון לעבען:

„מיר ווילען לעבען, מיר ווילען אַללע גוט לעבען, מיר ליעבען דאָס לעבען, ס'איז אונז טהייער. מיר געברויכען אַללע אונזערע קראַפֿטען אונ פֿעהיגקייטען, אום צו פֿערהיטען אונזער לעבען. מיר אַרבייטען אויף דערויף, ווי איינער קאָן, וויל מיר ווילען לעבען, מיר ווילען אַללע גלייך לעבען, לעבען אונ לעבען" . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ אַ סך — אַ סך האָט דיעזעס ליעדעלע ערקלאָרט דעם פֿריילין. מערי האָט פֿערשטאַנען, דאָס אַרום איהר קומט פֿאָר אַ קאַמפֿ אונ אַ פֿערניכטונג ניט דערפֿאַר, וואָס די טהיערען דורשטען דאָס אַזוי דען טויט אונ פֿערניכטונג, נור דערפֿאַר, וויל זיי אַללין ווילען „לעבען". ביי יעדעם לעבענדיגען וועזען איז זיך דאָ זיינע בעדירפֿנישע, זיינע נאָטהען, אונ וועגען זיי זאָרגט פֿריהער פֿאַר אַלץ יעדע בעשאָפֿניש . . .

— ווידע, — האָט געפֿראָגט מערי ביי'ם אַלטען, — פֿאַר וואָס גיעסט זיך אָבער אַזוי פֿיעל בלוט? פֿאַר וואָס ווערען אום געקוממען אַזוי פֿיעל לעבענדיגע קאָרפּערס?

אונ דער אַלטער האָט איהר, אַנשטאָטט אַנ'אַנטוואָרט, בעוויעזען אויף די זאַמען פֿון אַנ'אָרואַנטשיק (בוטטערבלומע), וועלכע דאָס שטיללע ווינדעלע האָט אַרום געטראָגען איבער דער לופֿט.

— דו זעהסט, — האָט ער געזאָגט: — יעדעס בלומעלע ברייננגט אַרוים גאַנצע הונדערטער זריעה-קאָרנדלעך, אונ דער ווינד טראָגט זיי וויט פֿערנאַנדער. אַ סך זריעה-קאָרנדלעך ווערען פֿערלאָרען אין וואַססער, אַנדערע טרעפֿען אויף אַ טרוקענע אָדער שטיינעריגע ערד; אַנדערע דיענען אַלס שפּייז פֿאַר אַ וועלכען עס איז פֿויגעל, אייניגע ווערען טרעפֿען אויך אויף אַ גוטע ערד,

נור דאָרט וואַכסען שוין אַנדערע געוואָכסע, וועמעס וואורצלען עס וועללען ניט איבערלאָזען אַללע מאָל אויף דעם אָרוואַנט־שיק'ס חלק שפייז... און אויב עס וואָלט ניט זיין דיעזער „קאַמפּף אוס'ס דאַ זיין" (מלחמה פאַר'ן לעבען), ווען עס וואָלטען ניט פערלוירען געגאַנגען פיעל זריעה־קאָרנדלעך, — וואָלטען די אָרוואַנטשיקעס געשווינד בעזעטצט די גאַנצע ערד און וואָלטען ניט איבערלאָזען קיין אָרט פאַר אַנדערע געוואָכסע... אָבער יענע ווילען דאָך אויך לעבען... דאָס אייגענע קוממט אויך פאָר אין דער טהירעשער וועלט...

און דער זיידע „צייט" האָט זיך וויעדער אַוועק געטראָגען פאָרויס און פאָרויס. און די בילדער פון לעבען און קאַמפּף האָבען געשוואונגען פאַר די אויגען פון'ס פריילײן.

נור אָט האָט אַ ווייססער נעבעל (טומאַן) בעדעקט די ערד, און אין דיעזען נעבעל האָבען זיך גענוממען בעווייזען עפּעס אַזאָל־כענע שאָטטענס. אָט האָט זיך געבילדעט אַ גרויסער מאַמאָנט. אָט האָט פונקט ווי פון וואַססער אַרויס געקוקט דאָס מויל פון אַנ'איכטהיאָזאַוור. אָט איז דורכגעפלויגען, פּאַטשענדיג מיט די פליגלען, אַ פליהענדע יאַשטערקע... און דורכ'ן נעבעל האָבען זיך געזעהען גרויסע שאַכטעלהאַלמען (כוואָשצי), פלוינען (לאָווענ־פיססע), פאַרנקרייטער (פּאַפּאָראָטניקעס)...

— זיידע, — האָט מערי געשעפּטשעט פון שרעק, וואָס פאַר שאָטענס שווינגען דאָס אום פאָר מיך?

— דאָס זיינען שאָטטענס פון'ס פאָריגען לעבען, פון די אַמאָליגע בעוואָהנער פון דער ערד; זיי זיינען שוין אויסגעשטאָר־בען מיט הונדערטער טויזענד יאָהר צוריק, — האָט געאָנטפערט דער אַלטער. — מיט זיי האָט געטראָפען פונקט דאָס זעלבע, וואָס עס וועט זיך טרעפען מיט די ברוינע „האָלצהאָקקער", און זייער שטעללע האָבען בײַט־אָטען זייערע יורשים, בעססער גע־בויטע פאַר זיי...

און מערי האָט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ גרויסער גע־דאַנק און בעדייטונג בעהאַלט זיך אין דיעזען שטרייט, וועלכען זי האָט געזעהען אַרום.

און מיט אַמאָל איז די גאַנצע ערד קוגעל געוואָרען אויף איין אויגענבליקק דורכזיכטיג ווי אַ קריסטאָלל, און דאָס מאַדכען האָט דערזעהען אין איהר טיעפעניש ווייססעביינער פון די אומגעשטאָרבענע טהיערען, די שוואַרצע, פערפוילטע שטאַנגען פון די געשטאָרבענע פפלאַנצען...

און דיעזע שיריים (איבערגעבליעבענעס) פון'ם געוועזענעם לעבען איז געוועזען אַזוי פיעל, דאָס די גאַנצע ערדקוגעל, דאַכט זיך, איז געוועזען מיט זיי אַרום געלעגט, פונקט ווי מיט אַ פאַנצער.

XV.

ד' ערשיינונג איז שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען, און מערי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט קוממען צו זיך פון איבערראַשונג און ערשטוינונג. אין איהר מוח האָבען זיך געראָיעט אַזוי פיעל געדאַנקען, אַז זי האָט בוכשטאָבליך ניט געוואוסט, פאַר וועלכען „אָנצונעהמען" זיך.

נור אָט האָט זיך עפּעס דער ווידע „צייט" צוגעריהרט מיט דער האַנד צו איהר פלייצע (שולטער), און מערי האָט דערזעהען פאָר זיך אַ נייעס בילד.

אין מיטטען פון אַ פראַכטפאָללען טהאָל, אויפ'ן ברעג פון אַ פריינדליך רוישענדען טייכעלע, האָבען זיך עפּעס פערנאַנדערגעלעגט אין שאָטטען פון אַקאַציען און פאַלמען מענשען, בעפאַרבטע מיט אַ רויטהער און געלבער פאַרב; אין די האָאָר זייערע איז געוועזען אָנגעשטעקט פולל מיט קאָליערטע פעדערן; זייערע קאָרפּערס זיינען געוועזען האַלב בעדעקט מיט פעללען פון ווילדע טהיערען.

דאָס זיינען געוועזען יאָגער, וואָס האָבען זיך אויסגעקעהרט פון יאַגד. אָט ליעגען אויפ'ן גראָז טוידטע הירשען און ביפפעלאָקסען. אין איין רייהע וואַלגערן זיך קוגלען, שפּיעזען; די שפּיטצען פון דיעזע שפּיעזען און פיילען זיינען געמאַכט פון פייערשטיין און פון ביינער. אויפ'ן ברעג ברעננט און לייכט אַ שייטער־

הויפֿען (קאָסטיאָר), אין וועלכֿען קינדער לעגען אונטער טרוקענע צווייגען. די פֿרויענצימּמערס רייסען אַראָב דאָס פֿעלל פֿון אַ הירש.

די יאָגער זיינען פֿערמאַטטערט. דער הונגער אונ דורשט קוועללען זיי.

נור אָט האָט עפּעס אין די שטרויכֿען (קוסטעס) געגענאיבּער דעם טייכֿעלע, אַ שוואונג געטהון אַ שוואַרצע זאַך, דורך די גרינע צווייגען האָבען זיך בעוויעזען מענשליכֿע קאָפּ. די בעפֿאַרבּטע געזיכֿטער האָבען געקוקט בּאָז אונ מאָרדעריש... עס האָט זיך דערהאָרט אַ הויכֿעס ראָווען (ברומען) פֿון הונדערטער שטיממען. אויף די יאָגער, וועלכֿע האָבען ניט ערוואַרטעט קיין בעפֿאַלל, האָט גענוממען פֿליעהען אַ גאַנצער האָגעל פֿון שטיינער, פֿיילען אונ וואורפֿשפּיעזען. עטליכֿע מענשען זיינען געפֿאַללען, אָבגיעסענדיג זיך מיט בלוט; אייניגע האָבען זיך געחאַפּט פֿיר דאָס געוועהר.

נור, כּל דאַלים, גבר, ד. ה. ווער עס איז שטאַרקער, יענער זיעגט. די מידע יאָגער פֿאַללען איינער נאָכֿ'ן אַנדער'ן. פֿאַר זיי אין די אויגען ערמאָרדעט מען זייערע ווייבער אונ קינדער... אין עטליכֿע מינוט אַרום, וואַלגערן זיך שוין אום נור פּגרים פֿון די געזיעגטע אויפֿ'ן ברעג טייכֿעלע, אונ די זיעגער רייסען אַרונטער דאָס האָאָר פֿון די שאַרבּענס. דיעזע סקאַלפּען (די אַראָב געריססענע האָאָר מיט דער הויט) וועללען זיי דיענען אַלס צייכֿענס פֿון זייער מאָכֿטיגקייט אונ כּח...

— זיידע, — שעפּטשעט מערי, — צו וואָס בעוויזט דו מיר אַזאָלכֿע שרעקליכֿע, שווערע בּילדער? ביי די מענשען זעה איך דאָך די זעלביגע עסקים, וועלכֿע איך האָב אָקאָרשט געזעהען ביי די טהיערען.

— שווייג, — האָט געאָנטפֿערט דער אַלטער, — שווייג! זאָללסט ניט מאָסטען אַלץ מיט דעם מענשליכֿען מאָאָס, לערן זיך צו פֿערשטעהן דאָס לעבען פֿון דער וועלט אַזוי, ווי עס איז אין דער אמת'ן.

אונ פֿאַר די אויגען פֿונ'ס פֿרייליין שווינגען שרעקליכֿע

בילדער איינס נאָכ׳ן אַנדערן. וואוהין זי זאָלל ניט געבען אַ קוק, — ערמאָרדעט אַ מענש אַ מענשען און זעהט אין איהם זיין שׂונא. אומעטום גיעסען זיך טייכען בלוט, אומעטום ערמאָרדעט דער זיעגער די בעזיעגטע... און בלוט גיעססט זיך אַזוי פיעל, אַז עס איז, דאַכט זיך, ניט דאָ אויף דער וועלט אַזוי איין „גאָלדע-נעס" לאַנד, וואו עס זאָלל ניט זיין פערגאָססען קיין מענשליכעס בלוט...

און מערי פעשטעהט, דאָס ניט אומזאָנסט האָט איהר דער זיידע „צייט" געצייגט בלוטיגע בילדער. דאָס פריילין קוקט אויף די יונגע מענשהייט און בעמערקט, דאָס מיט איהר קוממען שטאָנדיג פאָר גרויסע פעראָנדערונגען. דער קאַמפף גיעבט זיינע רעזולטאַטען, — אים קאַמפף ענטוויקעלט זיך דער כח, די פלינק-הייט, די ענערגיע; „יענעס" כח שטעללט זיך ענטגעגען אַנ׳ אַנדער כח, און עס נעהמט פאַססירען אויף דער ערד אַלץ ווע-ניגער געוואַלדטהאַטען...

— אָט איז אַוועק הונדערט יאָהר, — רעכענט דער זיידע — ס׳איז אַוועק נאָך אַ יאָהרהונדערט... אַ דריטטעס... אַ צעהנ-טעס... אַ דרייסיגטעס...

און פאַר מערי׳ס אויגען האָבען שוין די מענשען אויפ-געהאָרט צו זיין ווילדע טהיערען. וואו ניט וואו זיינען שוין אויסגעוואַקסען דאָרפער, ס׳האָבען זיך פערנאַנדער געוואָרפען שטאָדט. די מענשען לערנען זיך אַלץ מעהר און מעהרער אום צו דענקען, טראַכטען.

דער זיידע „צייט" האָט אַלץ אָבגעצאָהלט איין יאָהר הונ-דערט נאָכ׳ן אַנדערן, און פאַר מערי׳ס אויגען ווערט דער מענשליכער גערדאַנק און ענערגיע אַלץ פעסטיגער...

נור זיי זיינען נאָך אַלץ זעהר שוואַך...

---

## XVI.

אָט האָט זיך פֿערנאַנדער געוואָרפֿען אויפֿ'ן ברעג פֿונ'ם טייך פרת (יעוופֿראַט), אין אֶרץ בבל, אַ גרויסע שטאָדט. פֿון אַללע קאַנטען רינגלען זי אַרום דיקע, פֿעסטע וואָנד; הויך, צום הימעל, הייבט זיך אויף דער טעמפעל פֿון דעם אָבגאָטט בַעַל. אַללע געביידען אונ פּאַלאַטצען זיינען בעציערט מיט די בילדער פֿון קאָניגע אונ גאָטטער. שטיינערנע אָקסען אונ לייבען מיט מענשליכֿע קאָפּף אונ פֿליגלען שפּאַרען אונטער די שווערע ציעגעלנע געוואָלבער.

די זונן בעלייכֿטעט מיט איהרע העללע שטראַהלען די גאַנ־צע שטאָדט. מ ע ר י זעהט, אַז דאָרט קוממט פֿאָר עפּעס איין אונגעוואָהנליכֿעס. אויף די גאַססען איז אַ גרויסע בעוועגונג. גאַנ־צע מענגען מענשען לויפֿען צו די נאָרד (צפון) טהורען פֿון שטאָדט. צעהנדליגע טויזענדטער נייגיערדיגע האָבען שוין בע־לאַגערט די ברייטע וואָנד, די מאָרק, די דאָכֿער פֿון די הייזער אונ די טעמפּלען.

מ ע ר י איז ענטציקט געוואָרען פֿון דיעזעם זעלטענעם בילד. זי האָרט דען גערויש פֿונ'ם עולם, וועלכֿער קאָכֿעלט זיך פונקט אַזוי, ווי דער שטורמישער יַם...

אָט לאָזען זיך האָרען די קלאַנגען פֿון פֿלייטען. עס רוקט זיך פֿערנאַנדער די מענגע (עולם). אין די טהורען בעוויזט זיך אַ פֿייערליכֿע פּראָצעססיאָן — דער קאָניג, דער זיעגער קעהרט זיך אום פֿון זיין זיעג (נצחון).

עטליכֿע הונדערט סאָלדאַטען, אין פּאַנצער־העמדער אונ אין שאַרפֿשפּיטציגע היטטלען, טראָגען אויף די שפּיעזען עפּעס האַלב פֿערפֿוילטע אָבגעהאַקטע קאָפּף...

דאָס זיינען די קאָפּף פֿון די פֿיהרער, הויפּטלינגע אונ ראַנגלייטע פֿון די בעזיעגטע פֿאָלקער.

אָט האָבען זיך בעוויזען אין די טהורען מוזיקאַנטען; נאָך

זיי האָט זיך אַ לאָז געטהון אַ גאַנצער וואַלד פֿון פֿיעל פֿאַרביגע פֿאָהנען אונ קריעגסצייכענדלעך.

אָט האָט זיך בעוויעזען דאָס גאָלדענע רייט־וואָגעלע פֿון קאָניג, אַ שוואַרצער יעוונוך (סרים) האַלט איבער זיין קאָפּף אַ גרויסען שירם. דאָס וואָגעלע פֿיהרען 4 מענשען אין זעהר טהייערע קליידער.

דאָס זיינען די בעזיעגטע אונ די געפֿאַנגענע קאָניגע; זיי פֿיהרען דאָס דען קאָניג — דען זיעגער.

דאָס פֿאָלק פֿאַלט כּורעים פֿאַר זייער הערשער. אַללע האָבען פֿערגעססען וועגען זייערע פֿריינד, וועמעס ביינער עס וואַלגערן זיך יעטצט ערגעץ אין דער מדבר, צעהנדליגער טויזענד; אַללע האָבען גאָר פֿערגעססען, ווי טהייער זיי האָבען דאָס בעצאָהלט פֿאַר דעם „וועללען“ פֿון זייער הערשער.

אָט געהען די סאָלדאַטען, וועלכֿע זיינען נאָך געבליעבען לעבען; אויף טאַטשקעס טראָגט מען קופּעס מיט גאָלד אונ זילבער, די טהייערסטע שטאָפֿען אונ די בעסטע שטיינער, וועלכֿע דער קאָניג — דער זיעגער האָט געקריגען...

מיט אַמאָל דערפֿליעהען ביז מערי׳ן נייע קולות. זי האָרט עפּעס קרעכֿצען אונ קללות, זי האָרט, ווי עס קלינגען קעטטען; זי זעהט: נייע מאַססען מענשען קוממען אַריין אין שטאָדט.

עס געהען, קלינגענדיג מיט די קעטטען, שאָנע יונגע לייט, אַלטע, שוואַכֿע פֿרויענצימממערס אונ קינדער. די „שטאַרקע“ סאָלדאַטען, אָנגעלאָדען מיט בייטשען אונ שטאָקענס, טרייבען די פֿערשוואַכֿטע.

דיעזע אַללע מענשען זיינען פֿער׳משפּט אויף אַ שווערע, שרעקליכֿע שקלאַפֿעריי. איבער זיי וועט איביג הענגען די בייטש פֿון די אויפֿזעהער; זיי דאַרפֿען שטאָנדיג מורא האָבען צו שטאַרבען מיט אַ מאַטטערנדען טוידט, דאַנקען איין „רצון“ איין „יצר־הרע׳לע“ פֿון זייערע הערן. אונ אין דער זעלביגער צייט וועט זייער פֿערוויסטעטעס, בע׳גנבה׳טעס פֿאָטערלאַנד ליידען אונטער דעם שווערען שונא׳שען יאָך, נים האָבענדיג קיין

קראַפּטען אַראָב צו שליידערן איהן...

און מערי זעהט: פּאַר אַסך וויאָרסט פון בבל ברענגען נאָך דאָרפער, רויבערן זיך נאָך פּרוכטבאַרע פּעלדער; עס פוילען נאָך אויף די פּעלדער די פּגרים, וועלכע די ווילדע חיות האָבען נאָך ניט צייט געהאַט אויפצופרעסען. ניט האָבענ־דיג קיין וואָהנונגען, בעהאַלטען זיך די לעבענדיגע אין די וועל־דער... און אויפ'ן ברעג פּרת קאָפּאָשען זיך טויזענדטער קנעכט, קנעטען לעהם, מאַכען ציעגעל, בויען געוועלבער פּאַר דען וואונדערגרויסען און שאָנעם פּאַלאַסט, אין וועלכען עס וועט ניט זיין ווענען צו וואויהנען... דאָס איז דער הערשער, דער טי־ראַן פון בבל: ער וויל פערעוויגען זיין כבוד, זיין רוהם...

מערי'ס האַרץ האָט זיך פון גרוים שמערצען צונויף גע־פּרעסט.

„רציחה איז פּערביטטען געוואָרען אויף שקלאַפּעריי, — טראַכט זי ביי זיך, — אָבער, געוואַלד, ווי בעהאַנדעלט דאָס אַזוי אַ מענש אַ מענשען!!"

נור אָט האָט זיך דער ווידע „צייט" געשווינד אַרונטער געלאָזט, און מערי זעהט: אין אַנ'אָרמע שטיבעלע זיטצט אַנ'אַלטער מאַנן, אַ באָנדער און טראַכט זיך אָט אַזאַ געדאַנקען: „צו וואָס האָט זיך דאָס געפיהרט דיעזע שרעקליכע מלחמה? פּאַר וואָס, פּאַר ווען זיינען דאָס גע'הרג'ט געוואָרען מיינע טהייערע, ליעבע קינדערלעך? וואָס פּאַר אַ גליק האָב איך דער פון? צי קאָנן דען דאָס גאָר ניט זיין אַ גראָססערס גליק?"

— ווידע, — האָט מערי פערוואונדערט אויסגעשריען, — וואָס פּאַר אַ שייכות האָבען דיעזע געדאַנקען פון דעם אַלטיטש־קען צו דעם לעבען פון דער מענשהייט?

דער ווידע האָט נור אַ קוק געטהון אויף איהר, און מערי האָט אין דעם אויגענבליק דערוואוסט זיך אַלץ, וואָס עס טראַכטען אַנדערע מענשען. זי האָט דערגאַנגען, דאָס ניט אין איין מענשליכען קאָפּף, נור אין אַ סך, אַ סך גראַבלען זיך אַזאָלכע געדאַנקען אין פערשיעדענע עקקען וועלט, — אין

מצרים (עגיפּטען), אין כינאַ (קיטאַי), אויך אין אינדיען (הודו) אונ אין פּערסיען (פּרס), — דענקען אַ סך מענשען איין אונ דאָס זעלביגע. מ ע ר י זעהט, דאָס פערשיעדענע אורזאַכען האָבען זיי אַללע אַרויסגעפיהרט אויף דעם זעלביגען געדאַנק. דאָס זעלבע דענקט אויך דער סאָלדאַט, אונ דער ערדאַרבייטער, אונ דעם קייזערס דיענער. דיעזער געדאַנקען האָט זיך, ענדליך, אַריינגעקליבען אויך אין דעם קייזערס מוח...

אמת, דיעזען היילינען געדאַנקען פערדונקעלן אַ סך אַנ־דערע געדאַנקען, געפיהלען, פערלאַנגונגען אונ געוואוינהייטען, נור מ ע ר י זעהט, דאָס פערניכטען דיעזען געדאַנקען, אויס־מעקקען איהן פון דער וועלט קאָן קיין טייוועל ניט. מ ע ר י זעהט, אַז דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען איז אַזוי איינגעאָרדנעט, דאָס אויף יעדען טריט שטויסט מען זיך אָן אויף דיעזען געדאַנ־קען... דער מענש גיעבט עס איבער נאָך אַ מענשען, איין דור גיעבט עס איבער דעם אַנדער'ן דור, איין פאָלק — דעם צווייטען...

אונ דער זיידע ווייס נור איין זאַך: ער צאָהלט זיך איין יאָהרהונדערט נאָכ'ן אַנדערן. מ ע ר י זעהט: גאַנצע פאָל־קער האָבען שוין גלייך אָנגעפאַנגען צו דענקען איינס אונ דאָס זעלבע, אונ ניט נור זיי דענקען אַנדערש, ווי פריהער, נור אַר־בייטען, טהון האָבען זיי אויך אָנגעפאַנגען אַנדערש. אונ פאַר מ ע ר י'ס אויגען אָנדערט זיך אום דאָס לעבען פון דער מענש־הייט. נור דיעזע אומאָנדערונגען געהען צו לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם. עס בייטען זיך אום די זיטטען אונ מנהגים, די געדאַנ־קען אונ פערלאַנגונגען, רעליגיאָנען אונ סיסטעמען, ס'ווערען צערשטאָרט רעגיערונגען. אונ דיעזע אַללע אומאָנדערונגען ברייננען אַרויס זעהר פיעל „קלייניגקייטען", אונ פון דיעזע אָנ־געפּיקעוועטע קלייניגקייטען קוממט אַרויס עטוואָס „גרויסעס"... מ ע ר י זעהט, ווי גרויסע אונ ליבטיגע געדאַנקען קוממען אַריין אין קאָפּף איינעם, אונ ווי זיי ווערען, דערנאָך, אַנ'אייגענטהום פון אַ סך... מ ע ר י זעהט, ווי אויף אַריינצופיהרען אין לעבען דיעזע געדאַנקען שטעללט זיך אַרויס צום שטרייט איינער,

אַ העלד, אוּנ נאָך איהם געהען נאָך אַ פֿוּללע אַנדערע, זיי געּ
העען, ניט קוּקענדיג אויף זיך, ווייל זיי קאָנען ניט שטעהן פֿוּן
ווייטען אוּנ ניט געהען...

אוּנ מ ע ר י האָט פֿערשטאַנגען, דאָס דער זיידע „צייט"
טהוּט דאָ אויך ניט מיט זיינע אייגענע האָנד די אַרבייט, דאָס
ביי איהם איז דאָ אַ סך, אַ סך אַרבייטער, אוּנ דיעזע אַרבייטער
אַרבייטען, וויללענדיג ניט וויללענדיג, אַזוי, ווי דער זיידע „צייט"
וויל: דער אַלטער האָט זיי אַוועק געשטעללט אין אַזאָלכע בעּ
דינגוּנגען, אַז אַנדערש אַרבייטען קענען זיי ניט.

עס שוועבט פֿאָרוּיס דער זיידע, אוּנ ער ווייס נוּר אָבצוּּ
צאָהלען איין יאָהרהוּנדערט נאָכ'ן אַנדערן...

צייטענווייז האָט מ ע ר י בעגעגענט אינ'ם לעבען פֿוּן די
פֿאָלקער שרעקליכ'ער קאַטאַסטראָפֿען (איבערקעהרענישען, רעּ
וואָלוּציאָנען). נוּר אויך דאָ האָט זי געזעהען, דאָס אַ מאַססע
„קלייניגקייטען" האָבען שוין פֿוּן לאַנג אָן צוּ געפֿערטיגט דיעזע
רעוואָלוּציאָנען...

אָט האָט דער זיידע „צייט" אַריבערגעטראָגען מ ע ר י'ן
אויף אַ פֿעלזען־אינזעל. דאָס מאָדכ'ען זעהט אַ גרויסען גראַניטּ
פֿעלזען, וועלכ'ען עס האָבען שוין לאַנג אוּנטערגעוואַשען די
וועללען. אינ'ם פֿעלזען איז געוועזען אַ סך שפּאַלטען, אוּנ ער
האָט זיך דאָך נאָך געהאַלטען. נוּר אָט האָט זיך פֿוּן דעם בלויען
הימטעל, צוּפֿאָלליגער ווייזע, אַראָב געלאָזען אויף דיעזען פֿעלזען
אַנ'אָדלער...

אוּנ פֿוּן דער משא פֿוּן זיין ניט שווערען קאָרפּער איז איינּ
געפֿאַללען דער גרויסער פֿעלזען.

— קוּק, — זאָגט דער זיידע: — קלייניגקייטען האָבען צוּּ
געגרייט דיעזע קאַטאַסטראָף, אַ קלייניגקייט האָט זי אויך אַרוּיס
געררוּפֿען. דער פֿעלזען האָט געמוּזט איינפֿאַללען... קאָנסט דוּ
מאַכ'ען שוּלדיג אין זיין פֿאַללען דיעזען אָדלער?...

אוּנ מ ע ר י האָט פֿערשטאַנגען, דאָס אויך אין דער נעשיכּ
טע פֿוּן דער מענשהייט קוּממט פֿאָר דאָס אייגענע...

---

# XVII.

עס שוועבט וויעדער אום דער זיידע „צייט", אָבצאָהלענ־דיג אַ יאָהרהונדערט נאָך א יאָהרהונדערט, אונ די היסטאָריע פֿון די פֿאָלקער, רעגיערונגען, זיטטען, מנהגים, קונסטען, וויססענ־שאַפֿטען אונ רעליגאָנען, די היסטאָריע פֿון אָרמע אונ רייכֿע, הונגריגע אונ זאַטטע, שוואַכֿע אונ שטאַרקע לויפֿט אַזוי פֿאַר די אויגען פֿונ'ס פֿרייליין פונקט, ווי אין אַ פּאַנאַראַמאַ.

אונ די גאַנצע היסטאָריע וויזט אויף, דאָס אָהן אויפֿהאָר, אָהן פֿערמאַטטערט צו ווערען, אַרבייטעט דער זיידע „צייט", אום אָנדערנדיג דאָס לעבען פֿון די מענשען, אום אָנדערנדיג די בעהאַנדלונגען פֿון איין מענשען צו דעם צווייטען...

עס האָרט זיך שוין ניט איבער דער גאַנצער ערד קוגעל קיין קלינגען פֿון די שקלאַפֿען־קעטטען, זעלטענער גיעסט זיך דאָס בלוט פֿון פֿאָלקער איבער איין וויללען נור פֿון אַ טיראַן, וועלכֿער וויל בעצאָהלען פֿאַר זיין כבוד מיט'ן לעבען פֿון הונ־דערטער טויזענד מענשען. מ ע ר י בעמערקט, דאָס פיעלע טיראַ־נען וויללען דאָס שוין אַלליין ניט, אונ אַ סך מענשען האָבען שוין אויפֿגעהאָרט צו רעכֿנען די בלוטפֿערגיעססונגען אין טיראַניי־טהאַטען פֿאַר זאַכֿען, וועלכֿע זיינען ווערטה כבוד...

עס לויפֿען, ס'פֿליעהען די יאָהרען, פֿערשיעדענע פֿאָלקער געהען אַרויס אויף די היסטאָרישע סצענע אונ געהען אַראָב פֿון איהר, — אונ דאָס גליק איז אַלץ ניט דאָ! צעהנדליגע בעלי־מזל ווערען, ווי פֿריהער, פֿערלוירען צווישען די הונדערטער מילליאָנען אונגליקליכֿע; די שוואַכֿע מעהרהייט (מאַיאָריטאָט) ליידעט, ווי פֿאָרהער פֿון דעם שטאַרקען ביססעל (מינאָריטאָט); צווישען די רייכֿע אונ אָרמע ליעגט, ווי פֿאָרהער, אַ געוואַלטיג טיעפֿער אָבגרונד...

— זיידע, — זאָגט מ ע ר י, — איך זעה אַלץ איין אונ די זעלביגע זאַך, נור אין פֿערשיעדענע פֿאָרמען...

— יאָ, — אָנטפּערט דער אַלטער, — אַ סך אָהגליכע שטעללט פֿאַר דאָס לעבען פֿון דער מענשהייט אין אַללע צייטען. נור עס איז דאָ, פֿון דעסטוועגען, אַנ׳אונטערשיעד אויך. אַ סך איז טאַקע דאָ אויף דער ערד דערשלאָגענע, בעגראָבענע, אונ־גליקליכע, אָרמע, פֿערטריעבענע, אָבער מיט יעדעם יאָהר־הונדערט בייטען זיך אום זייערע בעהאַנדלונגען צו די שטאַרקע אונ רייכע!

— זיי וויססען, — רעדט ווייטער דער אַלטער, — דאָס איך אַרבייט אין דיעזער ריכטונג אונ איך וועל אַרבייטען ביז יענער צייט, ווען עס וועט קיין געדעכּניש ניט בלייבען פֿון דעם אָב־גרונד, וועלכע ליעגט צווישען די קלאַססען מענשען. אונ דיע־זען אָבגרונד וועללען פֿערשיטטען מיט פֿערשטאַנד די מענשען אַלליין, ניט קוקענדיג אויף זייער לעבען, אָפּפערנדיג מיט זיך, אונ ניט קיין סך פֿון זיי וועללען פֿערשטעהן, דאָס זיי זיינען ניט מעהר, ווי די אַרבייטער פֿון דער „צייט“, וועלכע געהט אייביג פֿאָרוואָרטס אונ וועלכע קאָן ניט געהן צוריק אַ „הינטער־פּיססלעך־טאַנץ“...

איבער דעם בלאָען דייטשען טייך רהיין, אויף אַ הויכען פֿעלזען, שטעהט אַ שלאָסס פֿון אַ באַראָן. פֿון ווייטען זעהען זיך דונקעלע וואָלדער. העלל גלאָנצט אויף דער זונן אַ קרייץ (צלם) פֿון אַנ׳אַלטען גאָטישען קלויסטער, וועלכער שפּיעגעלט זיך שוין אַ סך יאָהרען אָב אין דעם שאָנעם טייך.

אונ אַרום זיינען געוועזען אויסגעלעגט דאָ אונ דאָרט קליינע האַלב צעררִיסענע דאָרפֿלעך. די שטיבלעך, שוואַרצע, פֿער־רויכערטע, פֿאַללען באַלד איין אונטער דער שווערקייט פֿון אַזוי פֿיעל יאָהרען.

אָט פֿאָהרען דאָס אַרויס פֿונ׳ם שלאָסס עטליכע רייכע רייטער (ריטטער) אונ נעהמען דען וועג צום דאָרף. מיט דעם קלאַנג פֿון די טראָמפּעטען רופֿען זיי צונויף די איינוואויהנער פֿון דאָרף.

— איי, פּויערים, גראָבע חמורים! — שרייט איינער פֿון די ריטטער. — אונזער „עדעלער“ באַראָן פֿערזאָגט אייך, דאָס

איהר זאָללט מאָרגען צושטעללען, ניט אַנדערש, אין שלאָסס די דעסיאַטין־תּבואה! אויך זאָגט אייך אָן דער באַראָן, דאָס די וויינ־טרויבען זאָללען איהם ווערען צוגעשטעללט ניט שפּעטער, ווי אין אַ טאָג אַרום.

די „פּויערים״ האָרען איהן, אַרוטער לאָזענדיג אונמוטהיג די קעפּ. אָט געהט אַרויס פון זייער קלאַסס איינער, אַן׳אַלטער מאַנן אונ, אַ בייג טהוענדיג זיך אין דרייען, זאָגט ער:

„ערעלער העררו!״ מיר זיינען פראָהליך איבער פראָהליך צו טהון אַלץ, וואָס דער באַראָן הייסט אונז. אָבער ווי זשע וועללען מיר קאָנען צושטעללען די דעסיאַטין, ווען די תּבואה אונזערע איז נאָך אויף די פעלדער? ווי אַזוי קאָנען מיר צושטעל־לען די וויינטרויבען, ווען נאָכטען נור האָבען מיר געענדיגט „שניידען״ אין די גאָרטנער פון אונזער באַראָן!

דער ריטטער לאַכט אונ קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— וואָס האָט דאָס צו מיר? טהוט, ווי איהר פערשטעהט! וועט איהר ניט טהון, וואָס דער באַראָן הייסט, וועט דאָך אייך זיין אָרגער!...

דער אַלטער פערטראַכט זיך אַ טרויעריגען געדאַנקען. ער ווייס שוין גאַנץ גוט, אַז זיי וועט טאַקע זיין אָרגער, איהם איז שוין גוט בעקאַננט...

אונ דער ריטטער זאָגט זיך ווייטער:

— מאָרגען וועט אונזער עדעלער ליעבהאַרציגער באַראָן געהן אויף יאַגד, פערזאָרגט ער אייך, דאָס 20 מאַנן אייערע זאָללען געהן אַרויסטרייבען אַ וועלפע עס איז חיה׳לע!...

אונ די ריטטער קערעווען אום די פערד, פאָהרען ווייטער, כּדי מודיע צו זיין דעם ווילען פון דעם „ערעלען באַראָן״ אין אַנדערע דאָרפער.

אונ פון דעם צווייטען עקק דאָרף געהט אַ דיקער מאָנך (מאָנאַך) אונ שרייט אויס אונטער׳ן נאָז:

— אַ דעסיאַטין! אַ דעסיאַטין! טראָגט אונז אַריין די דע־סיאַטין, וואָס קוממט פון אייך! דער „פּאָטער״ פון קלויסטער

פֿאָרדערט מַעֲשֵׂר פֿאַר דעם כסא הַכּבוד פֿון דעם היליגען פּעטרוס.

און, איינבויגענדיג דעם קאָפּף אַן אַ זייט, העבט ער אָן פֿוילערהייט צו זינגען אַ לאַטיינישע תּפלה (געבעט). און פֿון ווייטען הערען די בויערן די קולות פֿונים פּלייט, וועלכע זאָגען אָן, וואָס דער באַראָן פֿערלאַנגט...

און פּלוטצלונג איז מערי׳ן קלאָר געוואָרען, וואָס עס טראַכטען זיך דיזע מענשען.

ביי די אַלטע אָבער און ביי די יונגע דרעהט זיך אין קאָפּף אַזאַ מין געדאַנק:

„אַזוי עקזעסטירען קאָן מען ניט! עס מוז קוממען עפּיס אַ גאולה (אויסלעזונג) צו אונזער קריטישע לאַגע! מיר זיינען דאָך אויך מענשען!"...

— זיידע, — האָט געזאָגט מערי, — איך העב דיך אָן צו פֿערשטעהן! דו צווינגסט די מענשען צו ליידען ניט אָהן אַ ציעל. דו ערוועקסט אין די מענשען דאָס בעוואוסט זיין, דו נאָטהסט זיי צו שטרעבען נאָך אַ בעססערע וועלט, דו מונטערסט אויף אין זיי אַ בעגעהר צו ערווערבען זיך מיט די אייגענע קראַפֿטען דאָס גליקק אויף דער ערד!... דו בעשאַנקסט יעדען יאָהרהונדערט, יעדער עפּאָכע, יעדע יאָהר מיט אַזוינע מענשען, וועלכע ראַנגעלען זיך, קאָמפּפֿען מיט דעם פֿאָריגען און פֿערטיגען אוים די צוקונפֿט!...

— יאָ, — האָט געאָנטפֿערט דער אַלטער. — דאָס גאַנצע לעבען פֿון דער וועלט האָט דיר בעוויעזען, ווי איך אַרבייט. מיט איין טהיילכעל שטוים איך דאָס צווייטע, מיט שטרייט און קאַמפּף פֿיהר איך די טהיערען און פּפֿלאַנצען צו אַ בעססערן לעבען; איך צווינג דען מענשען אַלליין אַיינצוריכטען דאָס מענשליכע גליקק אויף דער ערד!

און מערי האָט פֿערשטאַננען, אַז דער זיידע איז אַללע מאָל און אומעטום איין און דער זעלביגער.

עס לויפֿט איין יאָהרהונדערט נאָך דעם אַנדערן, און פֿאַר די מענשען ווערט אַלס קלאָרער דער בעגריעף פֿון שלעכטס און צרות, און זיי שטרעבען שוין מיט שכל צום גליקק.

מערי זעהט, ווי עס האָבען זיך בעוויעזען אויף דער ערד אַזאָלכע מענשען, וועלכע וויססען, וואָס זיי טהוען, וועלכע פערשטעהען אַלץ קלאָרער און דייטליכער, וואָס מען בעדאַרף טהון, און יעדערער פון דיעזע מענשען טראָגט אַריין זיין חלק אין דער אַללגעמיינער אַרבייט, און יעדערער טהוט דאָס, וואָס דער זיידע „צייט" איז איהם גורם...

---

## XVIII.

און פּאַר מערי'ס אויגען ווערען צערפאַללען אים רויך פון די שריפות די שלאָססער פון די באַראָנען. פון זייערע גרויסע פּאַלאַטצען בלייבען איבער חורבות, אין וועלכע די פלעדער-מייז בעהאַלטען זיך פון דער ליכטיגקייט. נור אין די הגדה-מעשה'לעך ווערען איינגעהיטעט די נאָמען פון די באַראָנען און ס'ווערט בע-שריעבען איבער זייער אַמאָליגען כח. און אין די לאַנגע ווינטער-אָבענדען דערצעהלען די אַלטע זיידעס און באָבעס זייערע אייניקלעך דיעזע פוסטע מעשה'לעך אויף צו „געדענקען" און צו „לערנען"... און מערי זעהט, ווי נאַרישער רוהם און פלוך דערצעהלט זיך, און קריכט פון דור צו דור...

— איך פערניכט פון דער ערד אַללעס, וואָס עס שטעהט מיר אין וועג, — זאָגט דער אַלטער, — און קיינע כחות קאָנען מיר ניט ענטגעגען שטעהן!... וואָס עס האָט אָבגעלעבט, אָבגעטהון זיין אַרבייט, לאָז גיעבער געבען אַ וועג דעם, וואָס ער הייבט ערשט אָן צו לעבען... די מענשען דער פערגאַנגענ-הייט, די מענשען דער געגענוואַרט לאָזען ניט שטערען די מענ-שען דער צוקונפט. איבערלעבען הונדערטער יאָהרען וועט נור דאָס, וואָס טהוט מיר ניט אויף צו להכעיס, מיר — דעם זיידען „צייט"; נור דער, ווער עס אַרבייטעט סאָלידאַר (איינפערשטאַנ-דען) מיט מיר.

און מערי'ן זיינען וויעדער געוואָרען קלאָר און פער-שטאָנדליך די געדאַנקען פון דער גאַנצער מענשהייט. זי האָט

דערזעהען פֿיעלע־פֿיעלע מענשען, וועלכע אַרבּייטען מיט אַ גאַנג פֿאַר דאָס אַללגעמיינע גליקק, וועלכע קאָמפּפֿען און שטרייטען מיט דער אונגערעכטיגקייט און שלעכטס.

אָט האָרט זי אין דעם טעמפּעל, וועלכע איז אָנגעפֿיללט, זווי אַנ'אויג, מיט מענשען, ווי דער „גייסטליכער" זינגט מיט אַ געוואַלטיגען הייליגען פֿייער די וואָרטער פֿון היילינען ביבעל: „ליעב דיין חבר, ווי זיך אַלליין! (ואהבת לרעך כמוך)!" דער עולם האָרט זיין רעדע, וועלכע איז דורכגעקנאָטען מיט ליעבע צו אַללע מענשען, און אַללע „דאַוונער" פֿערגעססען גאָר, דאָס דיעזען „גייסטליכען" האָט דער ראָמישער פּאַפּסט אַריין געלעגט אין חרם פֿאַר זיין „אַפּיקורסות", וואָס ער איז ניט איינפֿערשטאַנ־דען מיט'ן שטוהל פֿונ'ם הייליגען אַפּאָסטאָל פּעטרוס.

און אין אַ סך—אַ סך הערצער צינדען אָן די פֿלאַממענדיגע רעדעס פֿונ'ם „אַפּיקורוס" ליעבע צו אַללע אונטערדריקקטע און געשטיקקטע.

און מערי זעהט, ווי דיעזעס געפֿיהל פֿון ליעבע און מענשליכקייט ראַנגעלט זיך אין די מענשליכע מוחות מיט דעם גרויססען חיל פֿון נאַררישקייטען, אַבערגלויבעריי, געוואוינהיי־טען, ליידענשאַפֿטען און ניעדריגע שאָנדליכע אינסטינקטען — די ירושה, וואָס מיר האָבען פֿון די פֿינסטערע, אַלטע צייטען. דאָס מאָרכען זעהט, אַז דאָס געפֿיהל פֿון ליעבע איז שוין אויף אַזוי פֿיעל שטאַרק, דאָס עס האָט שוין זאָגאַר מאָגליכקייט צו קאָמפּ־פֿען... און דער זיידע „צייט" פֿליעהט אַלץ פֿאָרוואָרטס און פֿאָרוואָרטס...

די מענשהייט האָט שוין ביי זיך אַ סך מענשען מיט שטאַרקע גייסטער, וועלכע קאָנען זיך שוין שטעללען האָבער פֿון די איבערטריעבענהייטען, ליידענשאַפֿטען און אַבערגלויבעריי, וועלכע וואָלטען קאָנען פֿיהרען די מענשען נאָך זייערע איבערצייגונ־גען. ווייניג איז נאָך דאָ אַזאָלכע פּערזאָנען; זיי געפֿאָללען ניט פֿיעלע מענשען, אין וועלכע עס איז פֿערטויבט דאָס ליעבעסגעפֿיהל צו דער מענשהייט... און עס הייבט זיך אָן צווישען די און יענע אַ לאַנגער שטרייט.

מ ע ר י זעהט דען שיין פֿון די שיטערהויפֿענס (קאָסטיאָ-רען), אויף וועלכֿע עס ברעננען די גרויססע מאַרטירער (מוטשעני-קעס) פֿאַר די מענשהייט, פֿאַר די וויססענשאַפֿט, פֿאַר די ליעבע צום אמת. זי האָרט די קלאָפּ, די זעטצען פֿון דעם האַקק פֿונ'ם תליון (הענקער). מ ע ר י האָרט, ווי עס פֿאַללען אַראָב די אָבגעהאַק-טע קאָפּ. מ ע ר י קוקט מיט גרוים שרעק אויף די פּייַכֿטע אונ-טער אירדישע טורמעס, וועלכֿע זיינען אָנגעפּאַקט מיט מענשען. זי ווייסט, דאָס פֿיעלע פֿון דיעזע מענשען, זיינען די בעסטע לייט פֿון דער גאַנצער מענשהייט...

— זיידע, — פֿראָגט זי, אויך דיעזע מענשען וועללען פֿער-לאָרען געהן?

— זיי האָבען אָבגעטהון ז'יער זאַך, — אָנטפֿערט דער אַל-טער: — אַזוי איז מיט יעדער וועללע, אָבשלאָגענדיג זיך אָן פֿעלז, טהוט זי עס אָב איהר זאַך.

עס שטאַרבען אַוועק אַ סך מענשען, אונ אויף זייער אָרט בעווייזען זיך אַלץ מעהרער אונ מעהרער אַנדערע, אונ, בעגייס-טערט מיט ליעבע, בענוטצען זיי אַללע קראַפֿטען פֿון זייער פֿערשטאַנד אונ ענערגיע, אויף צו אַרבייטען צוזאַממען מיט'ן זיידען „צייט", אויף צו קאָמפּפֿען מיט דאָס איבערגעבליעבענע פֿון דער פֿאָריגער צייט אונ בעשאַפֿען אַ מעהרער ליכֿטיגע צו-קונפֿט...

אָט זיטצט ביים טיש אין אַ קליינעם צימער, וואָס איז קוים בעלויכֿטען מיט אַ ליכֿט, אַ גרייז גראָער מאַנן. די ביכֿער אין פֿעללענע איינבונדען, אַלטע מאַנוסקריפּטען, אַ גרויסער הימלי-שער גלאָבוס אונ טעלעסקאָפּ געבען צו זיין צימער עפּעס אַ געהיימניספֿאָללען אויסזעהען. דער אַלטער רעכֿענט עפּעס אויס; לאַנגע רייהען פֿון ציפֿפֿערן זעהען זיך אויפֿ'ן פּאַפּיער, וועלכֿעס ליעגט פֿאָר איהם.

מ ע ר י פֿערשטעהט, וואָס דער אַלטער זוכֿט, וואָס עס פֿערנעהמט זיין מוח; ער וויל וויססען וואו געפֿינט זיך דער „אמת"; ער וויל פֿערשטעהן, וואָס דער מענש דאַרף רעכֿנען

פֿאַר אמת; ער האָט וועגען דעם פֿיעל געטראַכט, אונ ער האָט פֿערגאַנגען, אַז „דער מענש קאָן דערגעהן דאַנן דען אמת, ווען ער וועט שטענדיג האַלטען עצות מיט דער נאַטור".

אונ דער אַלטער האָט זיך אַ סך בעראַטהען מיט דער נאַטור. ער האָט איבער געמאַכט אויף זיין לעבען אַ סך עקספּע־רימענטען (פּראָבעס), אַ סך בעאָבאַכטונגען, מיט אַללערליי מיט־לען האָט ער געפֿאָרשט ביי דער נאַטור איהרע סודות, אונ אַ סך ענטדעקונגען אונ ערפֿינדונגען איז אָנגעקוממען אויף זיין חלק.

אונ מערי זעהט: הונדערטער מענשען בעראַטהען זיך מיט דער נאַטור אונ „בעקוממען" דען אמת...

אונ הינטער דיעזע מענשען זעהט מערי אַנדערע, וועל־כע בענוטצען די בעקוממענע וואַהרהייטען אין דער פּראַקטיק.

דער זיידע „צייט" צאָהלט אָב איין יאָהרהונדערט נאָכ'ן אַנדערן, אונ יעדעס יאָהר, יעדער מאָנאַט ברייננגט די מענשען נייע ענטדעקקונגען אונ ערפֿינדונגען. צום אָנפֿאַנג געהערען די ערפֿינדונגען צו אַ ביסעלע, נור דערנאָך — אויך צו אַללע מענ־שען. דיעזע ערפֿינדונגען פֿערבעססער'ן אונ פֿערשענער'ן דעם מענשענס לעבען אויף דער ערד...

מערי זעהט: אַ ליכטיגעס, רייך צוגעקליעבענעס צימער, די זוננענשטראַהלען שפּיעלען זיך פֿראָהליך אויף די פּאַרקעטען אונ בעגאָלדעטע מאָבעל. אויף די וואַנד הענגען בילדער פֿון בעריהמטע מאַלער; אין די שאַפֿען פֿון שוואַרצען האָלץ שטעהען זיך אויסגעשטעללט אין רייהען די ווערק פֿון די גראָסטע דיכטער (פּאָעטען) אונ ראָמאַניסטען. אויף מאַרמאָרנע פּיעדעסטאַלען (אונטערשפּאַרונגען) שטעהען סטאַטוען.

איבער'ן צימער געהט אום אַ בעיאַהרטער מאַנן, אַ צו־פֿריעדענהייט ליעגט איהם אויסגעגאָססען אויפ'ן פּנים, אונ ער רייבט פֿרייהליך די האַנד.

אונ מערי פֿערשטעהט, פֿאַר וואָס ער פֿרעהט זיך אַזוי: זיינע פֿאַבריקען, וואָס ער האָט געגרינדעט מיט זיין גרויסען קאַ־פּיטאַל געהען גוט, ער דענקט נאָך איינפֿיהרען די נייסטע מאַ־שינען, אַראָב ברעננגען די בעריהמטעסטע טעכניקער; אַרבייטער

קאָסטען איהם ניט מייער אונ זיי זענען צופֿריעדען, אָהן איהם וואָלטען זיי פֿיר הונגער געשטאָרבען . . .

אונ מ ע ר י זעהט פֿערהאָריוועטע אַרבייטער, זי הערט דאָס קלאַפּען אונ רוישען פֿון די מאַשינען אונ אַ געפֿיהל פֿון מיטלייד נעהמט דורך איהר זעעלע.

— מיין גאָטט! רעדט זי שטיל — דו האָסט דאָך געהייסען: „ליעב דיין חבר ווי זיך אַלליין", — פֿאַר וואָס ליעבט דער דאָזיגער פֿאַבריקאַנט נור זיך אונ ער טראַכט גאָר ניט צופֿערבעסערן זייער לאַגע . . .

נאָר דער ױידע „צײט" שווייגט ניט — ער צעהלט אָב אָ יאָהר נאָך אַ יאָהר אונ עס ווערען אַלץ מעהרער מענשען אויף דער וועלט, וואָס ליעבען טאַקי דעם חבר ווי זיך אַלליין אונ זוכען צו פֿערגרינגערן די צרות פֿון דער גאַנצער מענשהייט . . . אונ מ ע ר י זעהט, ווי דער ױידע „צײט" צייגט די מענשען, ווי אַזוי איינצואָרדענען דאָס גליק אויף דער ערד, ער ווייזט די אורזאַכען פֿון די צרות אונ די מיטטעלן, ווי צו פֿערבעסערן. אונ אַרומ־קוקענדיג זיך אויף די פֿאָריגע יאָהר הונדערטער, האָט מ ע ר י דערזעהען, אַז עס זענען פֿאָרגעקוממען פֿערענדערונגען אין דער בעציעהונג פֿון אַ מענשען צו זיין חבר.

אין איין פֿייכטען קעלער זיטצט איין שיסטער, דער ווינד בלאָזט דאָרט אַריין דורך די שפּאַלטען, די קראַנקע פֿרוי ליעגט מיט די קינדערלעך אויפֿ'ן פּאָל, אויף זייערע בלאַסע געזיכטער פֿאַלט אַ שוואַכע שיין פֿון דאָס גראָשינע חלב'נע ליכטעל, וואָס ברענט אין צימממעריל, די קינדערליך קאָנען ניט איינשלאָפֿען, אַללע ווייל קרעכצען זיי: עססען!

אונ דער שוסטער זיטצט ביי זיין צערבראָכענעם וואַרסטעט אונ קלערט זיינע צרות אונ ענדליך קרעכצט ער אַרוים:

— גאָטט! ווען וועלען מיר שוין אויסגעלייזט ווערען פֿון דער ביטערער אָרימקייט, ווען וועט שוין אַללעמען זיין גוט?

— ױידע — פֿרעגט מ ע ר י — ווער האָט עס איהם אַרויף געבראַכט אויפֿ'ן הייליגען געדאַנקען, אַז עס איז נויטהיג, אַז אַללעמען זאָל זיין גוט?

— איך! איך! — זאָגט דער אַלטער. — איך צווינג אַזוי צו דענקען אַ סך מענשען, איך גיעב אַריין דיעזען געדאַנקען מיט פערשיעדענע קונצען די נאַר קליינינקע און גאַר געוואָהנליכסטע מענשען. די „גרויסע" מענשען טרעפען אַלליין, וואָס איך וויל, צו וואָס עס ציעלט מיין אַרבייט... אָבער איך וויל, אַז דאָס זאָללען פערשטעהן אויך די „קליינינקע" מענשעלעך. איך וועלל נאָטהען די געוואָהנליכסטע מענשען, אַז זיי זאָללען זיך ערווערבען דאָס אַללגעמיינע גליק.

עס שוועבט דער זיידע „צייט" און רוקט איין אין אויהער דעם אָדער יענעם מענשען דיעזען הייליגען געדאַנקען. אין די קאָפּ. פון פיעלע מענשען ברעננט שוין העלל דאָס אידעאַל פון גליק פאַר דער גאַנצער מענשהייט, און אַלטע און יונגע, בעזונדער און קאָמפּאַניעס-ווייז, אַרבייטען אום צו ברענגען דאָ אין דער ווירקליכקייט.

און אַנ׳אונבעשרייבליכעס פריידענס געפיהל האָט דורכגענומען מערי׳ס זעעלע. צווישען דעם קאָכענדיגען עולם פון אונטען האָט זי געזעהען נור דיעזע מענשען. אמת, זיי האָבען זיך נאָך, ווי בעזונדערע איינציגע, פערלוירען אין דער מאַססע, נור מערי האָט פערשטאַנען, דאָס פאַר זיי שטעהט פעסט דער זיידע „צייט"...

און דער זיידע האָט געשוועבט פאָרוואָרטס און האָט געזונגען:

„איך אַרבייט, איך אַרבייט, איך אַרבייט! לאַנגזאַם, נור שטאַרק איז מיין אַרבייט! איך לעג צוזאַממען די טהיילכעליך און רוק זיי פערנאַנדער. איך קלייב זיי צונויף אין וועלטען, כ׳טרייב זיי פערנאַנדער איבער דער וועלט-טהייל. איך מאַך לעבענדיג די אָבגרונדען פון היממעל מיט דער אייביגער בעוועגונג; איך צווינג די ליכט און וואַרמע-שטראַהלען פערנאַנדער צו טראָגען זיך פון איין עקק וועלט ביז׳ן אַנדערן, איך צינד אָן די שטערן און ווייז זיי אָן די וועגען אין די תהום׳ען פונ׳ם וועלטגעביידע. איך גיעב אַללעס, וואָס לעבט, די נאָטהווענדיגע קראַפטען אויף צו לעבען און קאָמפּפען. איך מאַך שטאַרק די קראַפטען און די פעהיגקייטען פון אַללע לעבענדיגע

בעשאָפֿענישע און פֿיהר זיי פּאָרוואָרטס, צו אַ בעססערער צוקונפֿט.
איך אַרבייט, איך אַרבייט!

„פֿערשטעה מיין אַרבייט אויך דו, מענש! איך מאַך דיין שכל קלאָר, ווי קריסטאָלל. איך צינד אָן אין דיר אַן'אידעאַל פֿון אַן'אַללגעמיינעם גליק. איך האַלט אונטער אין דיין גייסט דאָס גלויבען, אַז עס וועט געווים קוממען יענע טהייערע צייט. איך ערוועק אין דיר מאָכטיגע פֿערלאַנגונגען און אַ מאָכטיגע ענערגיע. איך צווינג דיך צו שטרעבען צו דיין אידעאַל... איך בעוויין און איך וועל דיר בעווייזען מילליאָננען וועגען, וועלכע פֿיהרען צו איהם, איך וועל געבען מילליאָנען מיטטלען, ווי צו מאַכען עס. איך וועל פֿעראייניגען אַללע מענשען מיט דעם אַלל-געמיינעם ציעל, מיט דער איינציגער שטרעבונג צו דער בעסערער וועלט... איך וועל שטופּען די מענשען פּאָרוואָרטס און פּאָר-וואָרטס, ביז עס וועט אַללעמען גוט זיין, ביז עס וועט אַללע-מען גוט זיין!...

„וועה און ווינד וועט זיין יענעם, וועלכער וועט ניט געהן אויף דען וועג, וועלכען איך צייג אָן! זיי וועללען „נעלם" ווערען פֿון דער וועלט, נור איבערלאָזענדיג נאָך זיך אַ שלעכטען נאָמען... דוקא זיי אויף צו להכעיס, ניט קוקענדיג אויף אַללע זייערע שטאָרונגען און צומען, וועט יענע צייט אָנקוממען! דאָס גאַנצע לעבען פֿון דער וועלט שטרעבט צו דעם. דאָס גאַנצע לעבען פֿון דער וועלט וועט אויסאַרבייטען קלוגע, גוטע מענשען, וועט נאָטהען זיי צו פֿעראייניגען זיך אין איינעם, וועט זיי ווייזען דעם איינציגען, גרויסען ציעל... איך וועל צווינגען די מענ-שען, דאָס זיי זאָללען אַלליין אַיינריכטען זייער גליק אויף דער ערד!... איך אַרבייט, איך אַרבייט!"...

דאָס ליעד פֿונ'ם זיידע „צייט" האָט זיך אָבגעהילכט אינ'ם גאַנצען קאָרפּער פֿון מ ע ר י' ן. זי האָט גאָר ניט געזעהען און האָט קיין איין זאַך ניט געפֿיהלט אַרום זיך. זי האָט מעהר נישט געהערט, ווי די מאָכטיגע שטיממע פֿונ'ם זיידען...

און מיט אַ מאָל..

# XIX.

— זיעבען... אַכט... ניין... צעהן... עלף... צוועלף...
ליעבע הערען! ס'איז שוין אָנגעקוממען דאָס „ניי-יאָהר!" לאָמיר
עס בעגעגנען פראָהליכער, לעבענדיגער! צוזאַממען וועללען מיר
פּטר'ן דען זיידען „צייט!"

מערי איז געקוממען צו זיך. די אוהר האָט אָקאָרשט
געענדיגט „שלאָגען". די פּראָהליכע געסט זיינען אַרום געלאָפען
מיט באָקאַלען אין די האַנד. פאַר איהר איז געשטאַנען אַן'אַל-
טער מאַנן — אַן'אויסלאָנדער, אַ שווייגענדיגער און עפּעס אַ מרה-
שחורה'דיגער...

דאָס, וואָס דער זיידע „צייט" האָט געמאַכט פאַר מערי'ן
אַן'עוויגקייט, האָט זיך דיעזע מענשען אויס געדויכט פאַר איין
אויגענבליק, פאַר איין מאָמענט. קיינער האָט גאָר ניט בע-
מערקט, אַז זי איז אַ „קורצע" צייט ניט געוועזען אים זאַאַל...

ס'האָבען גענוממען קלינגען די באָקאַלען, ס'האָט זיך גע-
לאָזט הערען אַ הויכער „הורראַה!" אַללע האָבען זיך גענוממען
טשאָקען מיט'ן ווירטה.

מערי האָט אָנגעכאַפּט דען אַלטען (דען זיידע „צייט")
פאַר דער האַנד.

— זיידע, — האָט זי געזאָגט שטיללערהייט, — לאָמיר
אַוועק געהן פון דאַנען! איך קאָן דאָ ניט זיין צווישען די זעלבסט-
צופריעדענע, פוילע לודערס, צווישען דיעזע פוסטע מענשען!
דאָס זיינען ניט קיין „לעבענדיגע", פערשטאָנדיגע מענשען: דאָס
זיינען טוידטע, טוידטע!

און זי איז צוזאַממען מיט'ן אַלטען אַרויסגעגאַנגען פון צימ-
מער. און דאָרט האָבען געקלונגען די כוסות, ס'האָט געדוננערט
די מוזיק...

— זיידע, — האָט מערי געזאָגט, — יעטצט פערשטעה
איך, וואָס מען בעדאַרף צו טהון. איך וועל אַרבייטען מיט

אַללע קראַפֿטען, אום צו ברייננען יענע גוטע צייט. איך וועל זוכען מענשען, וועלכע שטרעבען צו דעם זעלבען ציעל, אונ מיר וועללען צוזאַמען, מיט פֿערשטאַנד אונ מיט אַ גאַנג דערשלאַגען זיך דאָס אַללגעמיינע גליק אונ ראַנגלען זיך מיט דעם, וואָס שטאָרט צו ראַנגלען זיך. אונזער אַרבייט וועט ניט געהן פֿערלוירען, ווייל דו, טהייערער ווידע, שטעהסט דאָך פֿאַר אונז!...

אונ מערי'ן איז קלאָר געוואָרען דאָס אַרומיגע לעבען אין גאַנצען. איהר אינגערליכע וועלט איז בעשיינט געוואָרען מיט אַ גרויסען ציעל, פונקט ווי מיט שטראַהלען פֿון דער זונן. זי האָט דערפֿיהלט אין זיך קראַפֿטען צו שטרעבען צו דיעזעם ציעל.

— ווידע, — האָט זי געזאָגט — די מענשען וועללען דאַנן נור זיין גליקליך, אַז זיי וועללען אַלליין שטרעבען צום גליק, אַז זיי וועללען אַרבייטען אין דיעזער ריכטונג. די אורזאַכע, וואָס זיי זיינען היינט אונגליקליך, איז די, וואָס ביי זיי איז נאָך וועניג דאָ אַזוינע מענשען, וועלכע אַרבייטען פֿאַר איינס מיט דיר, אונ פֿיעל, וועלכע שטערען דיר... ווידע! איך וועל צייט מיין לעבען אַרבייטען פֿאַר איין זאַך מיט דיר!!!...

אונ דער ווידע האָט זיך וויעדער פֿערנאַנדער געזוננען:

„איך אַרבייט, איך אַרבייט, איך אַרבייט! לאַנגזאַם, נור, שטאַרק איז מיין אַרבייט! איך וועל צווינגען די מענשען, אַלליין איינצוריכטען זייער גליק אויף דער ערד!!!...

דער אַלטער איז פֿערשוואונדען געוואָרען; אונ אין די אויערען פֿון דיעזע פֿערטראַכטע פֿריילין האָבען נאָך אַלץ געקלונגען די לעטצטע וואָרטער פֿון דעם ווידענס שאָנע ליעד...

——— ✼ ———

